„RAOMER-KIELCER LEBEN“ 17 (157) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem“ פּרײַז 25 גראָשען פּיערטער יאָהרגאַנג




הײַנט 10 זײַטען.

אדרעס
פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבען“.

Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben“
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddz.:ił w Kielcach.*

אַנאָנסען פּרײַז!
איין מילימעטער שורה: פאַר'ן טעקסט 20 גר.
„ „ „ אין „ 40 „
„ „ „ נאָכ'ן „ 18 „
די ערשטע און לעצטע זײַט ענטהאַלטען 8 שפּאַלטען
אין טעקסט 4 „

6-go maja 1927 r.

ראדאם פרײַטאָג ד' אייר תרפ"ז פאַר'ן אינהאַלט פון טעקסט אין די אַנאָנסען איז די רעדאַקציע נישט פאַראַנטוואָרטליך

---

צו דער פערלאָבונג פון אונזער ליבע טאָכטער
**מינקאַ** מיט ה' **שמואל מענדעלסאָן**
ווינשען מיר, אז זייער צוזאַמענבונד זאָל געשלאָסען ווערען אויף אייביגע גליקליכע יאָהרען.
**עלטערען: משה מענדיל** עט פרוי **ראַקאָטש.**

---

**מינקאַ ראַקאָטש** — ראַדאָם
**סאַמועל מענדעלסאָן** — ווארשע
**פערלאָבט**
1 מאַי 1927.

---

צו דער פערלאָבונג פון אונזער שוועסטער און שוועגערן **מינקאַ** מיט ה' **סאַמועל מענדעלסאָן**
ווינשען מיר א הארציגען מזל—טוב, זאָל זייער נייער לעבענס-וועג זיין בעלויכטען מיט שטראַהלען פון אַ גליקליכע צוקונפט.
**פישל ראַקאָטש** עט פרוי און קינד'ער.

---

צו דער פערלאָבונג פון אונזער שוועסטער און שוועגערן **מינקאַ** מיט ה' **סאַמועל מענדעלסאָן**
ווינשען מיר א גליקליכע צוקונפט און א אַנגענעהמע עפּאָכע אין זייער נייעם לעבענס-וועג.
**לייזער ראַקאָטש** עט פרוי און קינדער.

---

צו די תנאים פון אונזער קוזינקע
**מיניא ראַקאָטש** מיט ה' **סאַמועל מענדעלסאָן**
ווינשען מיר א הערצליכען מז"ט. זייער זיווג-בונד זאָל געשלאָסען זיין אין א מאָמענט פון גליק און צופרידענהייט.
**אברהם פישער** עט פרוי און קינדער.

---

צו די פערלאָבונג פון מיין שוועסטער
**מיניא** מיט ה' **סאַמועל מענדעלסאָן**
ווינשע זייער נייער לעבענס-וועג זאָל בליהען אזוי ווי יונגע בוימלעך אין פריהלינגס-צייט.
**גיטמאַן ראַקאָטש.**

---

Członkowi naszego Zarządu p. **Samuelowi Rozenbergowi**
składamy serdeczne życzenia do zaręczyn jego córki
p. **DORY ROZENBERG**
— z p. —
**NIKODEMEM RAWICKIM**
**Rada Nadzorcza i Zarząd**
**Związku Kupców Ziemi Radomskiej**
W kwietniu 1927 r.

---

Panu
**Samuelowi Rozenbergowi**
z okazji zaręczyn córki Jego
**Dory**
z p.
**Nikodemem Rawickim**
z Kielc **składa serdeczne życzenia**
**Spółka Radomska.**

---

מפאת הארוסין של תלמידתי הנחמדה
העלמה
**רחל האכמן**
עם אהוב נפשה מר
**א. פראמניצקי**
מברך אנו אותם בברכות חיי-נעם הדדיים
**ל. מילמן.**

---

## ZAWIADOMIENIE.

Wobec zaszłej kradzieży w jednej z pralni chemicznych, a dzięki temu na skutek licznych nieporozumień i słusznego zaniepokojenia ze strony Sz. Klijentelji, spieszymy donieść Sz. Publiczności, iż kradzież powyższa miała miejsce w nowozałożonej pralni p. Cychnera ul. Spacerowa, a nie w farbiarni i pralni chemicznej **O. R. HEMPEL.** Co się zaś tyczy dozoru w pralni naszej to ten jest bez zarzutu, czego najlepszym dowodem jest chociażby fakt, iż w ciągu pięćdziesięcioletniego swego istnienia nigdy nie było w stosunku do firmy naszej najmniejszego powodu do reklamacji ze strony Sz. Klijentelji w sprawie czy to zamiany, czy zagubienia oddanych do farbowania lub też chemicznego prania garderoby, materjałów i t. p., natomiast zawsze spotykaliśmy się z uznaniem i pełnem zadowoleniem naszej Klijenteli.

Pozostajemy z poważaniem

Farbiarnia i Pralnia Chemiczna
**O. R. HEMPEL** w Radomiu.
Fabryka — **Stare-Miasto № 5**
Filje: **Stare-Miasto № 2, Lubelska Nr. 37**

---

לרגלי הארוסין של ידידתנו החביבה
העלמה הכבודה
**מ. רקוטש**
עם בחיר לבה מר
**שמואל מנדלזאהן**
מברכים אותם בברכת מז"ט ומאחלים להם אחוליב לבביים.
**ל. מילמן ורעיתו.**

---

Z okazji zaręczyn
p. **Nikodema Rawickiego**
— z p. —
**Dorą Rozenberżanką**
składają szczere życzenia
**Molly Anberżanka**
**Leon Bryczkowski**

---

# אכטונג!
בוימוואָל-מאַנופאַקטור סוחרים און וועש-פאַבריקאַנטען!

צו דער בעקוועמליכקייט פון די קונדען אין קעלצער אומגעגענד
האָבען מיר געעפענט א לאַגער פון **זאווייערציער**
**מאַנופאַקטור** אויסאַרבייטונגען, אויך די נייעסטע ווייסע, און ד־יק אויסארבייטונגען, און די פּאָפּולערע
**זאווייערציער קאָפּ-טיכער.**
פרייזען • ק־'קולאציע און בעדינגונגען גענוי ווי אין פאַבריק.

אדרעס:
**בר' האמערמעסינג** — אין — זאווייערציע
אָבט. אין קעלץ, קילינסקיעגאָ 22 (פריהער מאַלא 22)
**B-cia HAMMERMESSING**
**KIELCE, Kilińskiego 22.**

# צו די וועהלער און צו די געוועהלטע.

אין דריי טעג ארום, ס'הייסט דעם קומענדיגען זונטאג, געהען מיר צו די וואהלען פון נייעם שטאדט ראט. אין דעם טאג דארפען אויסגעוועהלט ווערען נייע משגיחים און פיהרער פון דער שטאדטישער בעל-הביתישקייט. אין דעם טאג וועלען אויסגעוועהלט ווערען פארשטעהער, אין וועמענס הענד עס וועלען זיך געפונען די שליסלען פון דער ווירטשאפטליכער איינריכטונג אין שטאדט. דעם קומענדיגען זונטאג, דעם 8-טען מאי, גיבען מיר ארויס די אויסגעוועהלטע דורך אונזערע וואהל-שטימען א בעפולמעכטיגונג, א כח הרשאה אויף א לענגערע צייט צו פערוואלטען מיט אלע קאמונאלע ענינים פון שטאדט. מיר אקצעפטירען למפרע און בעשטעטיגען פאראויס, אז אלץ, וואס וועט דורך דער מעהרהייט פון דער אויסדערוועהלטער פארשטעהערשאפט אנגענומען ווערען. זענען מיר מחויב צו זיין געהארכזאם און מיטהעלפען פערווירקליכען אלע די, דורך אונזערע בעפולמעכטיגטע, אנגענומענע פראיעקטען און בעשלוסען, אפילו דאן ווען פאר'ן דאזיגען צוועק וועט נויטיג זיין געלד-קרבנות אין פארם פון פערשידענע שטייערען און פאדאטקעס.

אונזער בעסטער וואונש איז געוויס, אז די וואס וועלען געוועהלט ווערען זאלען שאפען פאזיטיוועס און נוצבארע לייסטונגען פאר דער שטאדט, פאר אלע איינוואהנער. אהן אונטערשיעד פון אבשטאמונג און גלויבען. מיר יודישע וועהלער שטרעבען געוויס דערצו, אז צווישען די אלע ווירטשאפטליכע, עקאנאמישע און קולטורעלע פראגען, וואס דער נייער שטאדט-ראט וועט האבען אין זיין רשות און אין זיינע מעגליכקייט'ס ראמען צולעזען, זאלען אויך פערנעמען א בכבוד'יגען פלאץ אונזערע ספעציפישע יודישע אינטערעסען און אנגעלעגענהייטען. דאס איז געוויס דער הייסעסטער בעגעהר און ווילען פון דער יודישער בעפעלקערונג. דעם דאזיגען ווילען בעדארפען מיר אבער געבען א ממשות'דיגען אויסדרוק, און דאס איז נאר. ווען אלע יודישע וועהלער וועלען אויסנוצען זייער שטים-רעכט און מאסענווייז שטרומען צו די וואהל-אורנעס.

אויף יעדען יודישען וועהלער ליגט א חוב דעם קומענדיגען זונטאג, דעם 8-טען מאי, צו געהן צו די וואהלען און אבגעבען זיין שטים. קיינער טאר זיך נישט ערלויבען צוגרינגשעצען די בעדייטונג פון זיין וואהל-שטים, און נישט בלייבען זיצען דערמיט אין דער היים. קיין איין יודישע שטים טאר נישט פערלוירען געהן, וואס מעהר יודישע וואהל-שטימען, אלץ מעהר און גרעסער זענען די שאנסען און אויסזיכטען אויף צו ערווערבען א גרעסערע צאל יודישע ראטמענער. ס'איז א אגעלמיין און עלמענטאר-פערשטענדליכע זאך, אז דערגרייכענדיג א גרעסערע צאהל יודישע ראטמענער פערשטארקען מיר אויך די פערספעקטיוען און די האפנונגען, אז די יודישע פאסטולאטען און פאדערונגען זאלען צום גינסטען געלעזט ווערען. ס'איז דאך קלאר, אז אויף צו דערגרייכען און ערווערבען אנערקענונג און רעכט פאר די יודישע פאדערונגען, מוז מען אונבעדינגט האבען יודישע פארשטעהער און טאקי וואס א גרעסערע צאהל, וואס זאלען קעמפפען דערפאר. אין רעם פרט זענען וויכטיג ביידע צושטאנדען, אי דער אכות, אי דער כמות. אמת, אז א וויכטיגע ראל שפיעלט אין אזעלכע פאלען די קוואליטאטיווע זייט, ס'הייסט, אז דער מענשען-מאטעריאל אויף די קאנדידאטען אויף ראטמענער, דארף זיין א געקליבענער. וואס זאל זיך פאסען מיט זייער גאנצען מהות אנצונעמען אזא פעראנטווארטליכע שטעלונג, ווי צו קעמפפען מיט דער גאנצער אפפערוויליגקייט און מסירת נפש פאר יודישע רעכט; אז זייערע אינטערווענצען לטובת די יודישע פראגען זאלען נישט געטריבען ווערען מיט דער קראפט פון א מעכאניזירטען אויטאמאט, כדי בלויז יוצא צו זיין און צווארפען א ביינדעל דעם וועהלער. נאר אז זייער איניציאטיוו זאל באמת און ממש ארויסדרינגען פון זייער וועזענטליכער געפילבארקייט און פון אלע זייערע רמ"ח איברים, וואס זאלען מיטליידען און מיטחעהטאגען מיט די בע'עוולה'טע און געקשיחדעטע, אנהויבענדיג פון כלל ביז'ן יהיד.

אמת טאקע, אז דער איכות און די פערזענליכע גוטע מדות און אייגענשאפטען האבען א קאלאסאלע בעדייטונג, לויט וועלכע ס'דארף קוואליפיצירט ווערען, געמאסטען און געוואויגען ווערען, ביים אבשטימען יעדען מאנדאט פון יעדען יודישען ראטמאן. דאס איז זעהר ריכטיג און דארף דיענען אלס דער ערשטער פארבעדינג. עס מוז אבער צו גלייכער צייט אין אכט גענומען ווערען, אז קיין קלענערע ראל שפילט אויך נישט די קוואנטיטאטיווע זייט, ס'הייסט דער כמות, די גרויס און צאהל פון דער צוקונפטיגער יודישער רעפרעזענטאנץ אין שטאדט-ראט. ווארום געדענקען מוז מען, אז ביי די אנגענומענע פארלאמענטארישע כללים איז גובר נאר דער, וואס האט א מערהייט און קאן ציילען די נויטיגע און ענטשפרעכענדע צאהל שטימען, אדער אויפהויבען ביי דער געפאדערטער אבשטימונג די נויטיגע צאהל הענד. ביי יעדער פראגע, אדער פארשלאג דאמינירט די מעהרהייט. די ענטשיידונגס-קראפט בעזיצט דער צד, פראקציע, אדער קלוב, וואס ציילט צווישען זיינע דעפוטאטען, דעלעגאטען, ראטמענער, אוואס גרעסערע צאהל מיטגלידער. פון דעם אלעם קומען מיר צום אויספיהר, אז אין די אינטערעסען פון דער ראדאמער יודישער בעפעלקערונג ליגט, אז יעדער איינער וועהלער זאל אונבעדינגט געהן צו דער וואהלען און אבגעבען זיין שטים. מיטהעלפענדיג, אז די געוועהלטע יודישע ראטמענער זאלען בילדען מיט זיך א כח, מיט וועמען מ'זאל זיך רעכענען און וועמענס שטימען ס'זאל הילכיג געהערט ווערען אין שטאדט-ראט. דאס איז נאר דאן מעגליך ווען די יודישע ראטמענער וועלען דארט זיין פערטרעטען אין א געהעריגע צאהל. און דאס איז פולשטענדיג אבהענגיג אן די יודישע וועהלער, ווען זיי וועלען זיך אלע בעטייליגען אין די וואהלען און קומען מאסענווייז אבגעבען זייערע שטימען אין די וואהל-אורנעס.

די יודישע בעפעלקערונג צאהלט א גרויסען חלק פון אלע קאמונאלע שטייערען, בדויך זי פערהעלטניסמעסיג צו געניסען געגענזייטיג פאר אלע איהרע בעדערפענישען, אזוי ווירטשאפטליכע, קולטורעלע און פילאנטראפישע. דאס צו מאהנען און פאדערען, בעדארף די יודישע רעפרעזענטאנץ. דער מאגיסטראט שטיצט ארבייטסלאזע מיט ארבייט'ס-בעשעפטיגונג אדער געלד-שטיצעס, און דאס בעדארף ענערגיש געמאהנט ווערען אויך פאר די יודישע ארבייטסלאזע. דער מאגיסטראט בעשעפטיגט א גרעסערע צאהל בעאמטע און אויך דא דארף געפאדערט ווערען א צוטריט פאר פאסטענלאזע יודישע אינטעליגענטע יונגעלייט, אדער פרייליינס. אז די אלע פאדערונגען זאלען געהערט ווערען בעדארף מען האבען א מעכטיגע און דרייסטע יודישע שטים. דאס איז נאר דאן מעגליך, ווען דער כחות-צוזאמענשטעל פון די יודישע ראטמענער וועט זיין אנגעזעהן אין זיין צאהל און שטארק אין זיין ווילען.

ס'איז געווען א גרויסער פעהלער, וואס די בירגערליכע יודישע פארטייען האבען זיך נישט געקענט צוזאמענגיסען אין איין ארגאניזם און, שאפענדיג מיט זיך איין גאנצע איינהייט, ארויסטרעטען מיט איין פעראייניגטע וואהל-ליסטע. דאמאלס וואלס געווען צו האפען אויף 14 יודישע ראטמענער. מ'האט געברויכט דורכקומען צווישען זיך, א ביסעל איינהאלטען די מאנדאטען-אפעטיטען. מותר זיין אופן כבוד און נישט אוועקלאזען עטליכע גרופירונגען. ס'איז נאר געווען א בענקעלפראגע און אויב מען איז באמת נאר אויסן דאס גוטס פארן כלל, טרעט מען דאמאלס אב פון די גרויסע אמביציעס און מען גלייכט זיך דורך. דאס איז געווען א נויטווענדיגקייט, בשעת ווען פון ביידע לאגערען, אזוי פון ענדעק'ישען, ווי אויך פון פ. פ. ס'ישען, וואונשט מען זיך צו זעהן וואס ווייניגער יודען אין נייעם שטאדט-ראט. די ענדעקישע פארטיי האט פערגעסען פון דער נעכטיגער פערשטענדיגונג מיט די יודען, ווען די יודישע שטימען זענען גוט זיי צונוץ געקומען ביים אויסדריקען דעם אונצוטרוי-ווארום די פ. פ. ס'ישע אנפיהרערשאפט אין שטאדט-ראט ווי אויך אין מאגיסטראט, יעצט בשעת די שטאט-ראט-וואהלען בעמערקט מען צווישען איהרע וואהל-לאזונגען טענדענצען צו פערפוילישען. אייגענטליך געמיינט, צו ענטיודישען די שטאדט, אויך די פ. פ. ס. וואלט, אויס נקמה פאר אויסדריקען איר אונצוטרוי-וואטום, געוואלט זעהן אין שטאדט ראט א פערשוואינדענע מינדערהייט אין די רייהען פון די יודישע ראטמענער, כדי דאמאלס צו האבען די מעגליכקייט צו זעהן זיי אין א אונבעהאלפענע לאגע, צוליב אט די אלע טעמים האבען די היגע יודישע „פראמינענטע" פאליטיק-מאכערס געברויכט איינזעהן, אז אין יעצטיגען מאמענט איז א אונבעדינגטע נויטווענדיגקייט א קאנסאלידאציע פון אלע פארטייען אין נויטיגסטע אינסטיטוציעס, וועלכע וואלטען געקענט געוויס ברענגען מעהרערע רעזולטאטען ווי ביי א צושפליטערונג.

ס'איז א בעזונדער קאפיטעל צו רעדען מכח דעם, צי די פארטייען מיט אריין פאליטישע בעפארבונג, און וועלכע האבען גארנישט צו טוהן מיט ארטיגע ווירטשאפט'ס-פראבלעמען, ווי דאס זענען די פארטייען, אגודה, מזרחי, ציוניסטישע ארגאניזאציעס — צי אזעלכע

# 7 אויפרוף 7

## צו דער ראדאמער יודישער בעפעלקערונג!

ווי אייך איז שוין געניג בעוואוסט, איז דער ראדאמער שטאדט-ראט פאנאנדערגעלאזען געווארען דורכ'ן מיניסטעריום מיט'ן מאטיוו, אז די שטאד-טישע ווירטשאפט איז נישט גוט געפיהרט געווארען, ד. ה. אז דער פריהערדי-גער ראטמענער—צוזאמענשטעל איז נישט געשטאנען אויף דער געהעריגער מדרגה אלס די פאקטישע פיהרער פון דער שטאדטישער ווירטשאפט.

דאס אלץ איז א טרויריגער אמת, אלס די בעסטע אילוסטראציע און גלט'סטער בעווייז קאן דיענען דער לעבעדיגער און שרייענדיגער פאקט, וואס דער פריהערדיגער שטאדט-ראט האט אקצעפטירט דעם קאנאליזאציע אבמאך, נישט קוקענדיג איף די אונגעהויערע שווערע בעדינגונגען, וועלכע ווארפען ארויף א אונערטרעגליכען באלאסט פון שטייערן אויף אלע בירגער און איינוואהנער, אהן אונטערשיעד פון סוחר, הויזווירט, האנדווערקער, קליינ-העגדלער און לאקאטאר, וועלכע וועלען אין משך פון גאנצע 20 יאהר מוזען טראגען דעם שווערען עול כדי צו דעקען די ריעזיגע קאלאסאלע אויסגאבען. די שטאדט ועט אין פערלויף פון גאנצע 20 יאהר מוזען צאהלען יעהרליך צו איינינע מיליאן זלאטעס, א טומע וואס אלע איינקונפטען פון הייזער, גע-שעפטען, און ווארשטאטען וועלען נישט זיין ביכולת צו דעקען. דאס איז ערשט פאר בלויז קאנאליזאציע. הייגט וואו זענען אלע אנדערע פאדאטקעס און שטייערן??

**נעמענדיג דאס אלעס ערנסט אין בעטראכט, האבען מיר יודישע הויזווירטען געזעהען זיך געצווינגען צו האבען ענטשפרע-כענדע פערטרעטער און פארשטעהער אין קומענדיגען שטאדט-ראט. מיר האבען צו דעם צוועק אייסגעשטרעקט אונזערע ארעמס צו א קאנסאלידאציע מיט'ן פעראייניגטען יודישען וואהל-בלאק, וועלכער האט אבער נישט געוואלט אנערקענען אונזערע גערעכ-טע טענות און אויסגעלאכט אונזערע בעגרינדעטע פאדערונגען.**

כמעט אין דער זעלבער לאגע האט דער בלאק ארייגעשטופט די סוחרים, מ'האט געווארפען גורלו צי א"ז אבער ביי אזא וויכטיגע און פער-אנטווארטליכע פראגע, ווי שיקען פארשטעהער אין שטאדט-ראט צו פערטיידיגען די עקאנאמישע אינטערעסען, — דערלאזבאר אין אזא פאל צופערלאזען זיך אויף א בלינדען צופאל? און וואס איז געווען דער סוף? מ'האט זיי געשטעלט איף די סאמע ריזיקאלישסטע ערטער, וואו ס'דראהט זיי אינגאנצען נישט צו האבען קיין פארשטעהער אין שטאדט-ראט! אט אויף אזא געפעהרליכען וועג האט מ'אונז, יודישע הויזווירטען, געוואלט ארויספיהרען.

אין אזא פאל האבען מיר פעסט בעשלאסען צו געהען זעלבסשטענדיג צו די שטאדט-ראט-וואהלען מיט א **אייגענע ליסטע № 7** אנערקענענ-דיג, אז דערמיט, וואס אין פריהערדיגען שטאדט-ראט האבען מיר נישט געהאט קיין פאכמענישע און דערוואקסענע פארשטעהער, וועלכע האבען א ראפי-נירטען און פולשטענדיגען בעגריעף וועגען ווירטשאפטליכע אנגעלעגענהייטען איז מעגליך געוועזען דער פאל פון אנגעמען דעם קאנאליזאציע-אבמאך מיט א זעלכע שווערע בעדינגונגען ביי די היינטיגע אויסערגעוועהנליכע קריטישע צייטען. מיר זענען זיכער, אז ווען מיר וואלטען געהאט א פערטרעטער אין פריהערדיגען שטאדט-ראט וועלכער וואלט געקענט סטאטיסטיש מיט ציפערען, און דער עיקר מיט א שטארקען ווילען און פעראנטווארטליכקייט, בעווייזען, אז די קאלאסאלע בעדינגונגען זענען פשוט קאטאסטראפאל און ניט אנגעמבאר פאר די גאנצע בעפעלקערונג מיט אלע איהרע בירגער און איינוואהנער וואלט

אזא שווערער דריקענדער באלאסט נישט ארויפגעווארפן געווארן איף דער שטאדט.

דא איז נישט געווארפען געווארען סתם אזוי קיין אגיטאציע-ארגומענטען נאר דאס זענען פאקטען, לעבעדיגע, ווען איהר ווערט דערהאלטען די „נא-קאזען פלאטניטשעס“ אויף צו בעצאהלען שטייערן פאר דער קאנאליזאציע, וועט איהר זיך דעריין טיעף איבערצייגען.

**וועהלער! לאזט אייך נישט בעאיינפלוסען פון די אגיטאטארען פון אנדערע ליסטעס, וועלכע ווילען אייך איינרע-דען, אז די הויז—ווירטען ווילען געהען אין שטאדט—ראט, כדי צו שאדענען די אינטערעסען פון די לאקאטארען! דאס איז שקר, בייזוויליגע בלבולים און הוילער בלאף.** דאס איז די ארבייט פון די יעניגע געוועזענע יודישע ראטמענער, וועלכע קאנען יעצט נישט קומען צום וועהלער בשעת די שטאדט-ראט-וואהלען און בעווייזען זייערע אויפגעטהוענע ממשות'דיגע מעשים, וויסענדיג גוט ביי זיך, אז זיי האבען נישט געהאט דעם געהעריגען מוט און די מינדעסטע פערשטענדניש ארויסצוטרעטען מיט א פראַ-טעסט אין שטאדט-ראט אום אויפצוקלערען, אז די אנגענומענע קאנאליזאציע-בעדינגונגען זענען א שווערע משא פאר די בירגער, צווישען וועלכע ס'געפינט זיך א גרויסער בעדייטענדער טייל יודישע איינוואהנער, וואס וועלען מוזען מיט-טראגען דעם שווערען לאסט פון שטייערן. יעצט ווילען זיי ארבנעהמען פון זיך די פעראנטווארטליכקייט און פערשרייען דעם וועהלער מיט פערשידענע פאלשע ארגומענטען, בשעת ווען אלע ווייסען דורכאויס, אז דער שטאדט-ראט האט נישט אין זיין קאמפעטענץ צו נארמירען די דירה-געלד-פראגען צווישען הויזווירדט און לאקאטאר.

די יעניגע יודישע ראטמענער קאנען אין טארען נישט מעהר ווידער גע-וועהלט ווערען, ווייל זיי זענען שוין מעהר נישט בכח אויסצובעסערען זייערע טהאטען, אין דער צייט. ווען זיי אליין האבען עס בעשטעטיגט און געגעבען זייער הסכמה.

מיר יודישע הויז-ווירטען געהען אין שטאדט-ראט מיט דער לאזונג: 1) אז דער שטאדט-ראט אלס ווירטשאפטליכע אינסטיטוציע מוז זארגען פאר דעם גוטס און בעקוועמליכקייט פון דער בעפעלקערונג אהן אונטערשיעד פון קלאס און שטאנד, אבער גלייכצייטיג ביי אלע ווירטשאפטליכע רעפארמען, גע-דענקען און צו נעמען אין בעטראכט די פאקטישע מאטעריעלע און עקאנאמי-שע מעגליכקייטען פון שטאדט, 2) אז אנשטאט א גאזאוניע—בויען נייע הייזער צו לינדערן דעם דירות-מאנגעל, 3) צו ערמעגליכען צו רעמאנטירען אלע היי-זער פאר דער בעקוועמליכקייט פון די איינוואהנער, 4) פאדערען, אז די יודישע אינטערעסען פון די בעפעלקערונג זאל פראצענטועל לויט איהרע שטייערן גע-נוסען צו-גלייך מיט אלע איינוואהנער, רעכט, הנחות און סובסידיעס פאר אלע ווירטשאפטליכע, קולטורעלע און פילאנטראפישע בעדערפנישען, 5) אז ביים בעשטייערן דעם יודישען סוחר, הויזווירדט, האנדווערקער און קליינהענדלער מוז גענומען ווערען אין אכט זיין אמת'ער און ריכטיגער מאטעריעלער צושטאנד.

**וועהלער!** דעם זונטאג, דעם 8-טען מאי, אין טאג פון די וואהלען צום שטאדט-ראט, קומט צו דער וואהל-אורנע און שטימט נור פאר דער

# ליסטע № 7

**אויף וועלכע ס'פיגורען מענשען אויפריכטיגע אין פעראנטווארטליכע וועלכע זענען נישט אייסען אויף צו פראבירען מאנדאטען, נאר האבען אין זיך מוטה, ווילען און ענערגיע צו פערטיידיגען די אלגעמיינע יודישע אינטערעסען.** דעריבער אלע ווי איינער

## שטימט אוז אגיטירט פאר דער ליסטע № 7.

# וואהל-קאמיטעט

## פון יודישע הויז-ווירטע אין ראדאם.

Redaktor i Wydawca Ch. M. Herc ‎ Odbito we własnej drukarni Radom Szwarlikowska № 20

# צו די וועהלער און צו די געוועהלטע.

אין דריי טעג ארום, ס'הייסט דעם קומענדיגען זונטאג, געהען מיר צו די וואהלען פון נייעם שטאדט-ראט. אין דעם טאג דארפען אויסגעוועהלט ווערען נייע משגיחים און פיהרער פון דער שטאדטישער בעל-הביתישקייט. אין דעם טאג וועלען אויסגעוועהלט ווערען פארשטעהער. און וועמענס הענד עס וועלען זיך געפונען די שליסלען פון דער ווירטשאפטליכער איינריכטונג אין שטאדט. דעם קומענדיגען זונטאג, דעם 8-טען מאי, גיבען מיר ארויס די אויסגעוועהלטע דורך אונזערע וואהל-שטימען א בעפולמעכטיגונג, א כח הרשאה אויף א לענגערע צייט צו פערוואלטען מיט אלע קאמונאלע ענינים פון שטאדט. מיר אקצעפטירען למפרע און בעשטעטיגען פאראויס, אז אלץ, וואס וועט דורך דער מעהרהייט פון דער אויסדערוועהלטער פארשטעהערשאפט אנגענומען ווערען. זענען מיר מחויב צו זיין געהארכזאם און מיטהעלפען פערווירקליכען אלע די, דורך אונזערע בעפולמעכטיגטע, אנגענומענע פראיעקטען און בעשלוסען, אפילו דאן ווען פאר'ן דאזיגען צוועק וועט נויטיג זיין געלד-קרבנות אין פארם פון פערשידענע שטייערען און פאדאטקעס.

אונזער בעסטער וואונש איז געוויס, אז די וואס וועלען געוועהלט ווערען זאלען שאפען פאזיטיווע און נוצבארע לייסטונגען פאר דער שטאדט, פאר אלע איינוואהנער. אהן אונטערשיעד פון אבשטאמונג און גלויבען. מיר יודישע וועהלער שטרעבען געוויס דערצו, אז צווישען די אלע ווירטשאפטליכע, עקאנאמישע און קולטורעלע פראגען, וואס דער נייער שטאדט-ראט וועט האבען אין זיין רשות און אין זיינע מעגליכקייט'ס-ראמען צולעזען, זאלען אויך פערנעמען א בכבוד'יגען פלאץ אונזערע ספעציפישע יודישע אינטערעסען און אנגעלעגענהייטען. דאס איז געוויס דער הייסעסטער בעגעהר און ווילען פון דער יודישער בעפעלקערונג, דעם דאזיגען ווילען בעדארפען מיר אבער געבען א ממשות'דיגען אויסדרוק, און דאס איז נאר, ווען אלע יודישע וועהלער וועלען אויסנוצען זייער שטים-רעכט און מאסענווייז שטרומען צו די וואהל-אורנעס.

אויף יעדען יודישען וועהלער ליגט א חוב דעם קומענדיגען זונטאג, דעם 8-טען מאי, צו געהן צו די וואהלען און אבגעבען זיין שטים, קיינער טאר זיך נישט ערלויבען צוגר'נגשעצען די בעדייטונג פון זיין וואהל-שטים, און נישט בלייבען זיצען דערמיט אין דער היים. קיין איין יודישע שטים טאר נישט פערלוירען געהן, וואס מעהר יודישע וואהל-שטימען, אלץ מעהר און גרעסער זענען די שאנסען און אויסזיכטען אויף צו ערווערבען א גרעסערע צאל יודישע ראטמענער. ס'איז א אגעלמיין און עלמענטאר-פערשטענדליכע זאך, אז דערגרייכענדיג א גרעסערע צאהל יודישע ראטמענער פערשטארקען מיר אויך די פערספעקטיווען און די האפנונגען, אז די יודישע פאסטולאטען און פאדערונגען זאלען צום גינסטען געלעזט ווערען. ס'איז דאך קלאר, אז אויף צו דערגרייכען און ערווערבען אנערקענונג און רעכט פאר די יודישע פאדערונגען, מוז מען אונבעדינגט האבען יודישע פארשטעהער און טאקי וואס א גרעסערע צאהל, וואס זאלען קעמפפען דערפאר. אין רעם פרט זענען וויכטיג ביידע צושטאנדען, אי דער אכות, אי דער כמות. אמת, אז א וויכטיגע ראל שפיעלט אין אזעלכע פאלען די קוואליטאטיווע זייט, ס'הייסט, אז דער מענשען-מאטעריאל אויף די קאנדידאטען אויף ראטמענער, דארף זיין א געקליבענער, וואס זאל זיך פאסען מיט זייער גאנצען מהות אנצונעמען אזא פעראנטווארטליכע שטעלונג, ווי צו קעמפפען מיט דער גאנצער אפפערווילליגקייט און מסירת נפש פאר יודישע רעכט; אז זייערע אינטערווענצען לטובת די יודישע פראגען זאלען נישט געטריבען ווערען מיט דער קראפט פון א מעכאניזירטען אויטאמאט, כדי בלויז יוצא צו זיין און צוווארפען א ביינדעל דעם וועהלער. נאר אז זייער איניציאטיוו זאל באמת און ממש ארויסדרינגען פון זייער וועזענטליכער געפילבארקייט און פון אלע זייערע רמ"ח איברים, וואס זאלען מיטליידען און מיטוועהטאגען מיט די בע'עוולה'טע און געקשיוודעטע, אנהויבענדיג פון כלל ביז'ן יחיד.

אמת טאקע, אז דער איכות און די פערזענליכע גוטע מדות און אייגענשאפטען האבען א קאלאסאלע בעדייטונג, לויט וועלכע ט'דארף קוואליפיצירט ווערען, געמאסטען און געוואויגען ווערען, ביים אבשטימען יעדען מאנדאט פון יעדען יודישען ראטמאן. דאס איז זעהר ריכטיג און דארף דיענען אלס דער ערשטער פארבעדינג. עס מוז אבער צו גלייכער צייט אין אכט גענומען ווערען, אז קיין קלענערע ראל שפילט אויך נישט די קוואנטיטאטיווע זייט, ס'הייסט דער כמות, די גרויס און צאהל פון דער צוקונפטיגער יודישער רעפרעזענטאנץ אין שטאדט-ראט. ווארום געדענקען מוז מען, אז ביי די אנגענומענע פארלאמענטארישע כללים איז גובר נאר דער, וואס האט א מערהייט און קאן ציילען די נויטיגע און ענטשפרעכענדע צאהל שטימען, אדער אויפהויבען ביי דער געפאדערטער אבשטימונג די נויטיגע צאהל הענד. ביי יעדער פראגע, אדער פארשלאג דאמינירט די מעהרהייט. די ענטשיידונגס-קראפט בעזיצט דער צד, פראקציע, אדער קלוב, וואס ציילט צווישען זיינע דעפוטאטען, דעלעגאטען, ראטמענער, אוואס גרעסערע צאהל מיטגלידער. פון דעם אלעם קומען מיר צום אויספיהר, אז אין די אינטערעסען פון דער ראדאמער יודישער בעפעלקערונג ליגט, אז יעדער איינער וועהלער זאל אונבעדינגט געהן צו דער וואהלען און אבגעבען זיין שטים, מיטהעלפענדיג, אז די געוועהלטע יודישע ראטמענער זאלען בילדען מיט זיך א כח, מיט וועמען מ'זאל זיך רעכענען און וועמענס שטימען ס'זאל הילכיג געהערט ווערען אין שטאדט-ראט. דאס איז נאר דאן מעגליך ווען די יודישע ראטמענער וועלען דארט זיין פערטרעטען אין א געהעריגע צאהל, און דאס איז פולשטענדיג אבהענגיג אן די יודישע וועהלער, ווען זיי וועלען זיך אלע בעטייליגען אין די וואהלען און קומען מאסענווייז אבגעבען זייערע שטימען אין די וואהל-אורנעס.

די יודישע בעפעלקערונג צאהלט א גרויסען חלק פון אלע קאמונאלע שטייערען, ברויך זי פערהעלטניסמעסיג צו געניסען געגענזייטיג פאר אלע איהרע בעדערפענישען, אזוי ווירטשאפטליכע, קולטורעלע און פילאנטראפישע. דאס צו מאהנען און פאדערען, בעדארף די יודישע רעפרעזענטאנץ. דער מאגיסטראט שטיצט ארבייטסלאזע מיט ארבייט'ס-בעשעפטיגונג אדער געלד-שטיצעס, און דאס בעדארף ענערגיש געמאהנט ווערען אויך פאר די יודישע ארבייטסלאזע. דער מאגיסטראט בעשעפטיגט א גרעסערע צאהל בעאמטע און אויך דא דארף געפאדערט ווערען א צוטריט פאר פאסטענלאזע יודישע אינטעליגענטע יונגעלייט, אדער פרייליינס. אז די אלע פאדערונגען זאלען געהערט ווערען בעדארף מען האבען א מעכטיגע און דרייסטע יודישע שטים. דאס איז נאר דאן מעגליך, ווען דער כחות-צוזאמענשטעל פון די יודישע ראטמענער וועט זיין אנגעזעהן אין זיין צאהל און שטארק אין זיין ווילען.

ס'איז געווען א גרויסער פעהלער, וואס די בירגערליכע יודישע פארטייען האבען זיך נישט געקענט צוזאמענגיסען אין איין ארגאניזם און, שאפענדיג מיט זיך איין גאנצע איינהייט, ארויסטרעטען מיט איין פעראייניגטע וואהל-ליסטע. דאמאלס וואלט געווען צו האפען אויף 14 יודישע ראטמענער. מ'האט געברויכט דורכקומען צווישען זיך, א ביסעל איינהאלטען די מאנדאטען-אפעטיטען. מותר זיין אופן כבוד און נישט אוועקלאזען עטליכע גרופירונגען. ס'איז נאר געווען א בענקעל-פראגע און אויב מען איז באמת נאר אויסן דאס גוטס פארן כלל, טרעט מען דאמאלס אב פון די גרויסע אמביציעס און מען גלייכט זיך דורך. דאס איז געווען א נויטווענדיגקייט, בשעת ווען פון ביידע לאגערען, אזוי פון ענדעקישען, ווי אויך פון פ. פ. ס'יישען, וואונשט מען זיך צו זעהן וואס וועניגער יודען אין נייעם שטאדט-ראט. די ענדעקישע פארטיי האט פערגעסען פון דער נעכטיגער פערשטענדיגונג מיט די יודען, ווען די יודישע שטימען זענען גוט זיי צונוץ געקומען ביים אויסדריקען דעם אונצוטרוי-ווארום די פ. פ. ס'ישע אנפיהרערשאפט אין שטאדט-ראט ווי אויך אין מאגיסטראט, יעצט בשעת די שטאט-ראט-וואהלען בעמערקט מען צווישען איהרע וואהל-לאזונגען טענדענצען צו פערפוילישען. אייגענטליך געמיינט, צו ענטיודישען די שטאדט, אויך די פ. פ. ס. וואלט, אויס נקמה פאר אויסדריקען איר אונצוטרוי-וואטום, געוואלט זעהן אין שטאדט-ראט א פערשווינדענע מינדערהייט אין די רייהען פון די יודישע ראטמענער, כדי דאמאלס צו האבען די מעגליכקייט צו זעהן זיי אין א אונבעהאלפענע לאגע, צוליב אט די אלע טעמים האבען די היגע יודישע „פראמינענטע" פאליטיק-מאכערס געברויכט איינזעהן, אז אין יעצטיגען מאמענט איז א אונבעדינגטע נויטווענדיגקייט א קאנסאלידאציע פון אלע פארטייען און נויטיגסטע אינסטיטוציעס, וועלכע וואלטען געקענט געוויס ברענגען מעהרערע רעזולטאטען ווי ביי א צושפליטערונג.

ס'איז א בעזונדער קאפיטעל צו רעדען מכח דעם, צי די פארטייען מיט אריין פאליטישע בעפארבונג, און וועלכע האבען גארנישט צו טוהן מיט ארטיגע ווירטשאפט'ס-פראבלעמען, ווי דאס זשנען די פארטייען, אגודה, מזרחי, ציוניסטישע ארגאניזאציעס — צי אזעלכע

פּאַרטייען האָבען אַזאַ ענגען שייכות מיט אַ שטאָדט-ראַט, אַז זיי זאָלען ברויכען זיך בענוצען מיט די פּאַרטיי-נאָהמען און די וואָהל-ליסטע זאָל גענוצט ווערען מיט זייערע פּאַרטיי-שטעמפּלען. ס'איז בכלל אַ ספק, צי ס'וואָלט נישט פּראַקטישער געווען אַ בלאָק, וואָס זאָל טראָגען דעם נאָמען פעראייניגונג פון סוחרים, האַנדווערקער, לאָקאַטאַרען, קליינהענדלער און אפילו הויז-ווירטען. שיכטען, צווישען וועלכע עס זענען דאָך פּיי חי פאַרהאַן אַלע איבריגע פּאַרטייאישע עלעמענטען, אַזוי אגודה, מזרחי און ציוניסטען. אַ פעראייניגונג אויפ'ן נאָמען פון ריין-עקאָנאָמישע און ווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס וואָלט זיך דאָך גיכער געפּאַסט פאַר'ן שטאָדט-ראַט, וועלכער איז דאָך סוף כל סוף נישט מעהר ווי אַ קאָמונאַלע און ווירטשאַפטליכע אינסטיטוציע, ווען מיר זאָלען שוין אָננעמען, אַז משום פּרעסטיזש איז יעדער פון די דערמאָנטע פּאַרטייען גענויגט צו האָבען איהרע רעפּרעזענטירטע אין שטאָדט-ראַט. האָבען דאָך דער האַנדווערקער-קלוב, לאָקאַטאָרען, קליינהענדלער און אפילו די הויז-ווירטען געהאַט אַזוי פיל רעכט אויף מאַנדאַטען ווי אַלע אַנדערע. די לעצטע האָבען דאָך לויט זייער נאָמען און לויט זייער אינהאַלט אַ ענגען צוזאַמענהאַנג מיט עקאָנאָמיע און ווירטשאַפטליכקייט, וואָס דאָס איז אויך דער אייגענטליכער אינהאַלט פון שטאָדט-ראַט. צו וואָס זאָלען מיר אָבער יעצט רעדען וועגען אָבגעשטאָרבענע זאַכען, פאַרפאַלען, אויף דער יודישער גאַס טרעטען יעצט אַרויס דריי בירגערליכע ליסטעס: דער פעראייניגטער בלאָק צווישען אגודת, סוחרים-פעראיין, ציוניסט. אָרג. און מזרחי; דער האַנדווערקער-בלאָק, און די הויז-ווירטען. ס'איז דעריבער יעצט נאָך מעהר ווי פריהער דער חוב פון יעדען יודישען וועהלער צו בעטייליגען זיך אין די וועהלען. נישט בלויז ער אַליין זאָל זיך בעטייליגען, נאָר ס'ליגט אויף איהם אַ חוב צו וועקען און רופען זיינע נאָהנטע און בעקאַנטע צוגעהן צו די וואַהלען, ווייל וואָס גרעסער ס'וועט זיין די צאָהל פון די וועהלער, אַלץ מעהר איז דאַ אויסזיכטען, אַז אויך די צאָהל פון די יודישע ראַטמענער זאָל זיין גרעסער. יעדער אייגענע שטים האָט אַ בעדייטונג. איבער איין שטים קאָן אַמאָהל געהן אַ יודישער מאַנדאַט לאיבוד. יעדער וועהלער טראָגט אויף זיך דעריבער אַ גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט ווען ער געהט נישט צו די וואַהלען. יעדער יודישער וועהלער, סיי אַ מאַנספּערזאָהן סיי אַ פרוי, און בכלל די אַלע, וואָס זענען וואַהל בערעכטיגט, מוזען געדענקען דעם קומענדיגען זונטאַג, דעם 8-טען מאַי, אַז אין דעם טאָג האָט ער אַ אויפגאַבע, און דווקא אַ וויכטיגע, וועלכע בעשטעהט פון וועהלען פאַרשטעהער אין שטאָדט-ראַט, וועלכע זאָלען פאַרטיידיגען זיינע אַלע אינטערעסען, אַלע מוזען דעריבער דעם טאָג געהן צו די וואַהלען און אָבגעבען זייער וואַהל-צעטעל.

עד כאן וואָס שייך די וועהלער. יעצט ווילען מיר רעדען איינינע ווערטער אויפ'ן אדרעס פון די, וואָס וועט אויסקומען געוועהלט צו ווערען פאַר יודישע ראַטמענער אין שטאָדט-ראַט. די דאָזיגע הערען ווילען מיר דערמאָנען, אַז יעדער פּאַרטיי, אָדער געזעלשאַפט. וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אַ בעזונדערע וואַהל-ליסטע, אַז זי איז פעראַנטוואָרטליך. פאַר די, וועמען זי האָט אַרויסגעשטעלט אַלס ראַטמענער. די בעטרעפענדע פּאַרטיי, אָדער געזעלשאַפט איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים, פאַר דער טאַקטיק און פאַר דער האַנדלונג פון זייערע געוועהלטע. עס וואָלט דעריבער געווען העכסט וואונשענסווערטה, אַז זיי זאָלען נעמען התחייבות'ען און בעוואָרענישען פון די אַלע, וועמענס קאַנדידאַטור עס פיגורירט אויף די וואַהל ליסטעס, אַז זיי וואַרפען זיך שטענדיג אונטער דעם בעשלוס פון די, וועלכע האָבען זיי געשיקט, און אין פאַל ווען ס'וועט זיך אַרויסווייזען, אַז די געוועהלטע פערנאַכלעסיגען זייער אויפגאַבען און אַנשטאַט צו קומען אויף די זיצונגען אין שטאָדט-ראַט, זיצען זיי אין דער היים, אָדער זיי האַנדלען ניט אין גייסט און לויט דעם וואונש פון זייערע וועהלער — זאָלען זיי רעזיגנירען פון זייערע מאַנדאַטען, און אָבטרעטען זייערע ערטער פאַר די נאָכקומענדיגע קאַנדידאַטען פון דער בעטרעפענדער וואָהל-ליסטע. אַזאַ בעוואָרעניש וועט האָבען די פּעולה, וואָס יעדער יודישער ראַטמאַן וועט פיהלען אויף זיך די קאָנטראָל פון דער עפענטליכקייט און פון די, וואָס האָבען איהם געשיקט. און ער וועט במילא בעוואויגען ווערען צו ענטוויקלען אַ אינטענסיווע און שעפערישע טהעטיגקייט אויף דעם געביעט, וואָס איז איהם דורך זיינע וועהלער אָנפערטרויט געוואָרען. נאָך מעהר: ווייסענדיג, אַז זיין מאַנדאַט איז על תנאי, וועט ער זיך פיל מעהר בעמיהען דורך טהאַטען זיך צו פערשאַפען אַנערקענונג ביי די מאַסען, כדי צו בעקומען זייער ווייטערדיגען צוטרוי.

**ב. צווייג.**



# די צרות, וואָס יודישע עמיגראַנטען האָבען ביים איינאָרדנען זיך אין אַרגענטינע.

## שווער מיט פרנסה אפילו פאַר מענשען מיט אַ פּראָפעסיע אין האַנד. — די געוואַלדיגע דירות-פּלאָג אין בוענאָס-איירעס.

פון **ל. מלאך.**

נישט בלויז דער קלימאַט איז דאָ אַ פערקעהרטער, דער גאַנצער לעבענס-שפּייגער איז א פערענדערטער, אַנ'איבערגעטוישטער לויט איירופּא, לויט אַמעריקאַ, לויט דער גאַנצער וועלט. עס איז אַנ'אייגענאַרטיג ווינקעל, אַנ'אייגענאַרטיג לעבען, אייגענע טראַדיציעס, אייגענע וועגען, אַנ'אייגענער קוק אויפ'ן לעבען.

דער עמיגראַנט קומט אָן. ער זעהט פאַר זיך בוענאָס איירעס — אַ מאָדערנע שעהן געבויטע שטאָדט. די רייכקייט פון די גאַסען, דער גלאַנץ שטייגט אריבער פּאַריז. אַלע בעקוועמליכקייטען אַלע נייעסטע איינריכטונגען. די בעוועגונג פון אויטאָמאָבילען, טראַמוויי'ען, אייזענבאַהנען. אונטערערדישע באַנען, נישט ווייניגער ווי אין פּאַריז, לאָנדאָן, בערלין. ביינאַכט — אויך מיט עלעקטרישע בעלייכטונגען, רעקלאַמעס, שילדען און לאַמפּען.

דאָך, נאָכדעם ווי ער איז אָב אין שטאָדט, צי אין לאַנד, עטליכע טעג, דערפיהלט ער, אַז נישט בלויז פיער וואָכען איז ער געפאָהרען פאָרווערטס, נאָר גאַנצע פופציג יאָהר ריקווערטס.

יאָ, נישט קוקענדיג אויף דעם גאַנצען קאָכעדיגען לעבען, וואָס רעש'ט אַזוי אין אַט די ווייטע לענדער, מוז מען אָבער מודה זיין, אַז אַלץ איז צוריקשטעליג אויף גאַנצע פופציג יאָהר, סיי דאָס אַלגעמיינע לעבען, סיי דאָס יודישע.

די ערשטע צייט, וואָס דער עמיגראַנט געפינט זיך אין בוענאָס איירעס, ליגט איהם גאָרנישט אין זינען, צי די שטאָדט איז אַ מאָדערנע און פּראָגרעסיווע, צי די מענשען זענען צוריקגעשטאַנען. איין זאַך פערפאָלגט איהם: וואָס שנעלער זיך איינאָרדנען, וואָס שנעלער צו האָבען וואו דעם קאָפּ אָנצולייגען, אַנ'אָנבייסען צו עסען, אָבער ביידע זאַכען זענען נישט פון די לייכטסטע.

קומט נאָך אַ פאַכמאַן, אַנ'אַרבייטער מיט אַ פּראָפעסיע אין האַנד, איז נאָך אַ האַלבע צרה, געפינט ער ווי עס איז אַרבייט. אַמאָל איז דאָס בעסטע פאַך געווען סטאָליאַרעס. דאָס איז דער איינציגער פאַך וואָס איז גוט אָרגאַניזירט. יעדע אַקציע, יעדער שטרייק איז געקרוינט געוואָרען מיט אַ ריזיגען ערפאָלג. האָבען טאַקע די סטאָליאַרעס גוט פערדינט, פיל מעהר ווי ביי אַנדערע פאַכען, צו צוועלף און פופצעהן פעזאָס (4—5 אַמעריקאַנער דאָלאַר) טעגליך. דאָס הייסט גאָר גוט פערדינט אין מען קאָן זיך פיין איינאָרדנען. אַרבייט איז געווען זעהר אַ סך, און וויפיל עמיגראַנטען סטאָליאַרעס, עס זענען געקומען, האָבען זיי תיכף געקריגען אַרבייט.

נאָך סטאָליאַרעס איז אויפ'ן צווייטען פּלאַן גוט געווען זייגערמאַכער און גאָלדשמידען. כאָטש דאָס פאַך איז ניט געווען אָרגאַניזירט אין אַ „יוניע", האָט מען אָבער ביי דעם געקאָנט מאַכען אַ פיין לעבען. ווי בעקאַנט, האָט דער אַרגענטינער ליב זיך צו פּוצען אין גאָלדוואַרג, דעריבער האָט מען שטענדיג געמוזט אָנקומען צום גאָלדשמיד, צום זייגערמאַכער, דערביי האָט מען גענומען גוטע פּרייזען.

דער דריטער סאָרט זענען, נאַטירליך, שניידער, אָדער ווי עס ווערט דאָ אָנגערופען „נאָדעל-בראַנזשע".

כאָטש צו דער נאָדעל-בראַנזשע געהערען נישט בלויז שניידער, נאָר אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער נאָדעל, ווי: היטעל-מאַכער, פוטער-אַרבייטער, מענער-און דאַמען-שניידער, וואָס אַרבייטען אויף בעשטעלונג און אין די

גרויסע וואָרען-הייזער א. ד. גל.

די נאָדעל-בראַנזשע איז געווען נישט שלעכט. אַרבייטער האָבען זיך אַרויסגעאַרבייט און זענען געוואָרען בעלי־בתים פון קליינע וואַרשטאַטען, פון וואַרשטאַטען-סוחרים׳לעך מיט שניט־סחורה, און פון דעם צו גרויסע געשעפטען און הויכע פערדינסטען.

דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל, ווען עס איז געווען א מלחמה אויף דער וועלט. קיין עמיגראַנטען זענען נישט צוגעקומען, קיין פאַרטיגע סחורה פון אויסלאַנד האָט מען נישט צוגעבראַכט און אין לאַנד איז געווען אַ שפע, א רייכקייט און אַ זאַטקייט.

איצט האָט זיך ס׳רעדעל איבערגעדרעהט, דרעהט זיך נעבעך אַרום דער עמיגראַנט, עלענד אָהן פריינד, אָהן בעקאַנטע.

ביי די איבענאויסגערעכענטע פאַכען איז הייגט שווער צו פערדינען. ביי פּאָלסטריי איז נישטאָ קיין אַרבייט, אַפילו פאַר די אַלטע, די איינגעזעסענע. ביי זייגערמאַכעריי איז אויך נישטאָ קיין סך אויפצוטון. איבעריגענס אַיז זייגערמאַכעריי אַזאַ פאַך, וואָס גאַנץ וועניג יודען האָבען דערפון אַנ׳אַהנונג.

ביי דער נאָדעל-בראַנזשע, ביי שניידערס, הערשט אַנ׳אונרחמנות׳דיגע אַרבייטסלאָזיגקייט, צופיל שניידער פאַר אַזוי וועניג מענשען, וואָס דאָס לאַנד פערמאָגט. דערצו — דער אַלגעמיינער קריזיס מאַכט נאָך די לאַגע ביים שניידער-פאַך ערגער און שווערער.

אָבער ווי עס זאָל נישט זיין: א פאַכמאַן האָט אַלעמאָל מעהר געלעגענהייטען זיך איינצואָרדנען, איז נישט אויף קיין גוטען לעבען, איז אַנ׳ערגערער, די צייט שטופט מען דורך. שלעכט איז אָבער מיט די פאַכלאָזע, די, וואָס האָבען קיין פאַך נישט אין האַנד, און אַזעלכע קומען, ליידער, מעהר ווי פאַכלייט, זיי זענען אויסגעוויזען אויף אַלערליי סאָרטען פיין, הונגער און פאַרצווייפלונג, עלענד און נויט.

אז אַנ׳עמיגראַנט קומט צופאָרען אין בוענאָס איירעס און האָט עפּעס אַנ׳אַדרעס צו פריינד אָדער קרובים. פערפאָהרט ער, פערשטעהט זיך, צו זיי. מען נעמט איהם אויף מיט וואָס מען קאָן: מיט עסען, מיט טרינקען, אָבער... נישט מיט קיין געלעגער. א געלעגער איז פון די טייערע זאַכען אין בוענאָס איירעס. אַכציג פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג וואוינט ניט מעהר ווי אין איין קליינעם פיער קאַנטיגען צימער. אזוי איז איינגעפירט. דירה-געלד קאָסט טייער. כמעט א דריטעל פון דעם פערדינסט געהט אויף דירה־געלד פאר איין צימער. ווייל מען וואוינען אַביסעל לייטישער נעמט מען א גרעסערן צימער. פון 2 צימערען איז אָפּגערעדט. פאַר 2 צימערען מוז מען צאָהלען די העלפט פון דורכשניטליכען פערדינסט. דערצו מוז מען נאָך איינלייגען ביים הויז-ווירט א סומע, וואָס בעטרעפט זוי פאַר דריי מאָנאַטען דירה-געלד. דאָס בלייבט אַלס רעסאַזיט, אַז דער שכן וועט צאָהלען פּינקטליך דירה-געלד.

ווי געזאָגט, איז דאָס צימער פינסטער, טונקעל, פייכט, און ווינטער — אָהן בעהייצונג.

אין אַזאַ צימער לעבען עטליכע פערזאָן: מאַן, ווייב, א דריי-פיער קינדער און אַמאָל א שווינער.

צעהן א זייגער אין אָווענד מוז זיין שטיל ביי יעדען אין צימער. נישט דערפאַר, וואָס מען שלאָפט שוין, אָדער דער שכן וואָס פערנעמט דעם צווייטען צימער, וויל שלאָפען. ניין, אין בוענאָס איירעס לייגט מען זיך דוקא זעהר שפעט נאָר דערפאַר, וואָס דעם הויז-ווירט, וועלכער וואוינט אין פראָנט-צימער פון הויף טוט וועה דער קאָפּ, אָדער זיין טאָכטער שפּילט פּיאַנאָ, אָדער עס זענען נאָר דאָ געסט צו בעזוך ביי איהם, אָדער סתם, ער וויל עס זאָל זיך פיהרען לייטיש זיין הויף „אריסטאָקראַטיש", און בייגאַכט זאָל זיין שטיל אין די צימערען, כאָטשע האַלט איין דעם אייגענעם אָטעם.

די דירות פּלאָג אין בוענאָס איירעס איז אַזוי גרויס, אַז דער „הויז־ווירט" פיהלט זיך ווי אַ הערשער, ווי א מלך, און קיינער וואגט איהם נישט אָקעגען צו רעדען א וואָרט, אָנטרעטען אויפ׳ן כבוד.

גרויסע יסורים האָבען נעבעך די פאַמיליעס, וואָס האָבען קליינע קינדער.

מיט קליינע קינדער איז אוממעגליך צו קריגען א לייטישען צימער.

אַז מען קומט דינגען א דירה, איז די ערשטע פראַגע: צי האָט מען קינדער! טאָמער הערט דער ווירט, אַז יאָ, וויל ער שוין ניט רעדען. ענטלויפט און פערשליסט הינטער זיך די טיר.

אַנ׳אימיגראַנטען-פאַמיליע, וואָס האָט אין דערהיים פערקויפט אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, און איז אַנטלאָפען ווי פון א פייער, נאָכדעם ווי מען איז איבערגעקומען אַזאַ ווייטען און לאַנגען וועג, וויל זיך מיט׳ן פערבליבענעם ביסעל געלד איינאָרדנען, דינגען א דירה, זאָל זיין א צימער אָהן ליכט, אָהן פענסטער, אַבי פיהלען דעם טריט זיכער אונטער זיך נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעלעגען פינף טעג מיט ווייב און קינדער אויף די האַרטע אייזענס פון עמיגראַנטען־האָטעל, לאָזט מען זיך איבער די גאַסען. אָבער א דירה דינגען איז שווער: ערשטענס, ווייל מען א דעפּאָזיט פאַר דריי חדשים; צווייטענס, ווייל מען נישט אַריינגעמען קיין „גרינעם": דריטענס, ווייל מען נישט פערדינגען פאַר א פאַמיליע מיט קינדער.

כאָטש געהט און שטעלט אויס די קינדער, אָדער וואַרף זיי אין ים אריין.

דאָך, נאָך לאַנגע טעג זוכען, געפינט מען ערגעץ א גרויסען הויף, וואָס ווערט אָנגערופען „קאָווענטיזשאָ". דאָס זענען ספּעציעלע הייזער מיט א סך, א סך צימערלעך אָפּגעלאָזען און שמוציג. אַנ׳אויסטויש פון מענשען: איטאַליענער, בינעזער, רוסען, שפּאַניער און יודען. דער בעל-הבית פונ׳ם הויז וואוינט דאָרט נישט, אַרט איהם נישט, וואָס דאָרט קומט פאָר. קינדער פון אַלע צימערען לויפען אַ־ום מיט געשרייען, איינגעריכט און נישט איינגעוואַשען, דער הימעל איבער׳ן הויף איז פערהאָנגען מיט וועש... ווייבער, וואָס קאָכען אין געמיינזאַמע קוכען, זידלען זיך, רייסען זיך די האָר. דער האָט פון טאָפּ אַרויסגעלאַטכענט אַ שטיקעל פלייש, די האָט ביי יענער צוגע׳גנב׳עט קוילען, בוימעל. די מענער קומען אַהיים, געהמען זיך אָן פאַר די ווייבער. ווערט ווערט א געשלעג. א סך מאָל ענדיגט זיך די קאָמעדיע זעהר טראַגיש, מיט א רעוואָלווער-שאָס, מיט א מעסער אין יענעמס זייט. די שפּאַניער און איטאַליענער זענען דערצו גרויסע בריות.

די דירות-פראַגע איז איינע פון א גאַנצע רייהע פּרויעריגע קאַפּיטלען, וואָס עס קומט אויס דורכצוקומען דעם אַרבייטער און מיטעלמעסיגען מענשען.

דאָך פאַר׳ן ניי-אַנגעקומענעם, פאַר׳ן פריש-איינגעוואַנדערטען איז דאָס א קליינינקייט אין פערגלייך מיט די מנהגים, וואָס זענען דאַ איינגעפיהרט. זאַכען, וואָס ער קאָן זיי נישט פערשטעהן, צו וועלכער ער קאָן זיך נישט צוגעוועהנען און פון וועלכע ער ליידט פיעל מעהר איידער די שלעכטע דירות, אַרבייטסלאָזיגקייט און פיילמאָל הונגער.



# א וויכטיגע און נויטיגע אינסטיטוציע.

די לעצטע וואָכען איז לעגאַליזירט געוואָרען דער סטאַטוט פאַר דער געזעלשאַפט „לינת הצדק" אין ראָדאָם, אייגענטליך האָט דער לינת הצדק גאָך פון פריהער עקזיסטירט. אָבער דאָס איז געווען אונטער דער אָנגעהעריגקייט פון „עזרה" ביי וועלכער ער איז טעטיג געוועזן אַלס איינער פון אירע פילאַנטראָפּישע אָפּטיילונגען. די עסקנים אָבער וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דעם לינת הצדק, האָבען פערשטאַנען, אַז אַזאַ אינסטיטוציע, וועלכע האָט ברייטע און וויכטיגע אויפגאַבען מוז זעלבסטשטענדיג ענטוויקלען איהר טעטיגקייט און נישט זייענדיג אָבהענגיג אין עמיצען אַנדערש מוז זי קאָנען אַליין אויף איינענעם נאָמען עקזיסטירען פאַר דעם נוץ און פאַר דער גוטסקייט פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג.

די טהוער און איניציאַטאָרען, וואָס האָבען זיך משתדל געווען צו לעגאַליזירען דעם לינת הצדק, האָבען די שטרעבונג אַרויסצורוקען די דאָזיגע אינסטיטוציע אויפ׳ן פראָנט פון דער געזעלשאַפטליכער אויבערפלאַך און איהר צוגעבען דעם אַמאָליגען ברייטען פערנעם. וואָס דער לינת הצדק האָט געהאַט פאַר דער מלחמה. פערשטעהט זיך, אַז אין תחילה וועט שווער זיין צו דערגרייכען אַזאַ לאָקאַלע איינריכטונג מיט די פערשיעדענע מעדיקאַמענטען און דער אַמבולאַטאָריום, וואָס דער אַמאָליגער לינת הצדק האָט געהאַט. צו אַזאַ קאָלאָסאַלע מדרגה איז ביי די הייגטיגע שווערע בעדינגונגען מיט אַ מאהל שווער צו בעקומען, און עס בלייבט נור צו האָפען, אַז דאָס אַלץ וועט מיט די צייט לאַנגזאַם און סיסטעמאַטיש איינגעאָרדנעט ווערען. די התחלה אַליין צו וועלען צוריק בענייען און אויספרישען דעם אַמאָליגען לינת הצדק, מעג זיין פאָרלויפיג אין אַ געוויסען טייל—איז אָבער ווערט צו בעגריסען און וועט בלי ספק אַרויסרופען סימפּאַטיע ביי אַלע שיכטען פון דער יודישער געזעלשאַפט.

די הויפּט-אויפגאַבען, וואָס דער בעניימטער לינת הצדק האָט זיך געשטעלט איז ראשית כל צו שאַפען נאַכט משמרים ביי קראַנקע. א חוץ דעם זאָל אין לאָקאַל פון ל״ה דיזשורירען יעדער נאַכט א ספּעציעלער משמור, וואָס זאָל אין באמת נויטיגע פאַלען קאָנען אַרויסרופען א דאָקטאָר צום קראַנקען אָהן אינטערשיעד צו אַ רייכען, אָדער אָרימען קראַנקען. מיט דעם איינצ

אויסנאהם. וואס ביים ארימען קראנקען וועט פערלייכטערט ווערען דאס אויסקויפען די מעדעצין, אדער די וויזיט פאר'ן דאקטאר. דאס איז איינס פון די וויכטיגסטע זאכען. שוין דערפיר אליין, וואס דורך די פערמיטלונג פון ל"ח וועלען קראנקע קאנען בעקומען ביי נאכט מעדיצינישע הילף, אזוי א דאקטאר, ווי אויך רפואות פאר אומזיסט אין אפטייק, שוין דערפאר אליין, דארף די שאפונג פון אזא באמת נוצליכע אינסטיטוציע אויסגענוצט ווערען מיט דער ווארימסטער סימפאטיע.

אין אלע גרעסערע שטעדט איז פארהאן דיזשורירענדע נאכט-משמורים, דורך וועמענס הילף מ'קאן בעקומען אין דער שפעטערע נאכט א דאקטאר. בלויז ביי אונז אין שטאדט איז דאס נאך נישט איינגעפיהרט. ס'איז א מאהל געווען פאר דער מלחמה, אבער היינט נישט. די געזעלשאפט האט פאראיבעל, וואס דאקטוירים זאגען זיך אב טיילמאהל ביינאכט צו געהן צו א קראנקען, נישט וועלענדיג, אדער נישט קענענדיג בעגרייפען, אז א דאקטאר איז אויך נאר א מענש, און נויטיגט זיך אויך אין נאכט-רוה. אין דעם גיכער איז שולדיג די געזעלשאפט אליין, וועלכע איז מחויב צו זארגען דערפאר. אז אין אזא שטאדט ווי ראדאם זאל עקזיסטירען א נאכט-דיזשור, וועלכער זאל שטעהן אין קאנטאקט און האבען אבגעמאכט מיט דאקטוירים, אז אין פאל ווען דער דיזשור וועט זיך ווענדען צו איהם, זאל ער געהן אויפ'ן ערשטען רוף. און אט דאס טאקי איז פון די ערשטע אויפגאבען פונם ניי-געשאפענער לינת-הצדק, וועלכער וועט שטעהן אין פערבינדונג מיט דאקטוירים אפילו אין די שפעטע נאכט-שעה'ען. דאס וועט זיין א טובה פאר די דאקטוירים, וועלכע האבענדיג, פערטרעטען זייערע א קאלעגע אין נאכט דיזשור, וועלען אלע איבריגע בעפרייט ווערען פון די שפעטע נאכט-וויזיטען — אבער נאך א גרעסערע טובת פאר דער שטאט מיט דעם, וואס מ'וועט ביינאכט אין א דרינגענדען פאל נישט ברויכען ארומלויפען נאך א דאקטאר, נאר ווענדענדיג זיך גלייך אין נאכט משמור פון לינת הצדק וועט מען גלייך קאנען א דאקטאר אדער א פעלטשער בעקומען.

ווי עס איז אלזא צוזעהן שטעלט אוועק דער דאזיגער ערהאבענער ביזועק דעם לינת הצדק אלס איינעם פון די נוצליכסטע און וויכטיגסטע אינסטיטוציעס, וואס פערדינט געוויס די געזעלשאפטליכע אויפמערקזאמקייט און וועקט ביי די אלע, וואס האבען פערשטענדניש און א בענעתר פאר אזא נויטווענדיגער אינסטיטוציע, זיי זאלען זיך צאהלרייך פערשרייבען אלס משמורים, און אפעלירט גלייכצייטיג צו דער גאנצער יודישער געזעלשאפט פאר א מאטעריעלער אונטערשטיצונג לטובת דער אזוי וויכטיגער אינסטיטוציע.

מ. שמשון.

# אונערהערטע האנדלונג בנוגע דעם גאנצען יודישען סוחרים'טום אין ראדאם.

## ווי אזוי מ'האט געשפילט א קאמעדיע און אויסגעלאכט די בלוטיגסטע אינטערעסען פון גאנצען ראדאמער יודישען סוחרים'טום, בעת די וואהלען צום שטאדט-ראט.

צוזעהענדיג און צוקוקענדיג זיך נעהנטער צום גאנצען טאראראם ארום דעם ענין, וואס הייסט שטאדט-ראט-וואהלען. בעאבאכטענדיג דעם גאנצען גאנג פון די אונטערהאנדלונגען ארום דעם מאנדאטען-האפעריי און אבפערווירענדיג דאס געיעג און דעם כבוד-גייציגען אימפעט מצר א קליינעם קרייז שטאדט-אקוסאנטען. צוקוקענדיג זיך אביסעל ניכטערער און אביעקטיווער צום גאנצען ווירוואר און קנויל פון טענדענצן, נגיעות און פערזענליכע אמביציעס, מוזען קומען אויפן געדאנק זער טרויריגע מ ח ש ב ו ת. ס'נעמט פשוט ארום א גרויל מיט וואס פאר א צניעשקייט און איגנאראנץ אונזערע פאטענטירטע אפיטרופסים בעהאנדלען די ברענענדיגסטע און בלוטיגסטע אינטערעסען פון דעם רוב יודישען כלל. עס געהט דורך א שוידער דורך די ביינער צוקוקענדיג ווי מ'בויט א בריק אויף די צובראכענסטע, רואינירטע און צומאטערטע ריקענס פון די עקאנאמיש-אנגעגרייפטע, פון די אמאייסטע עקזיסטענץ-בעדראהטע פאלק'ס-שיכטען, איבער וועלכע מ'וויל שטעלען זיכערע און פעסטע טריט אויף צו דערגרייכען דעם ציעלרייכען וועג, וואס הייסט קאריעריזם, תקיפות און הערשערישע איבער-מאכט. דער גאאיווער און תמימות-דיגער יוד. דער אויפריכטיגער און עהרליכער פאלקס-מענש ווערט דאן ביטער ענטוישט, איבערצייגענדיג זיך, אז די אלע שלאגער-ארגומענטען, וועלכע פ'שתוט אן א מאנטעל פון אידעען, ענטהאלטען נישט מעהר אין זיך ווי בלאף, שאבלאן, א פין סטראטעגישע קינצענמאכעריי און מאניפעווערדיגע זיג-זאגען, בכדי דעם אומשולדיגען וועהלער אריינצוקריגען אלץ טיפער, טיפער און די אויסגעשפרייטע עליאספישע ארעמס צו הלראפארמירען זיין בעוואוסטזיין, זיין פערשטענדניש און אריענטאציע...

אזעלכע הרהורים און טרויריגע רעיונות האב איך, א ראדאמער יודישער סוחר, ארויסגעטראגען פון די אונטערהאנדלונגען פון פעראייניגטען יודישען וואהל-בלאק בעת דאס געיעג נאך מאנדאטען. אלס זייטיגער צושויער האב איך געהאט די מעגליכקייט גענוי צו אבסערווירען און צו דערקענען דאס געשטאלט און דעם איינהאלט פון אונזערע פראמינענטע און „גענק-ווינטע" פארשטעהער.

ס'איז געשאפען געווארען די קאנצעפציע פון א פעראייניגטען וואהל-בלאק, אין וועלכען ס'זאלען זיך איינשליסען אלע פארטייען און ארגאניזאציעס—מסכים, זעהר שיין און גוט. אבער ווי אזוי ענטוואנט מען זיך אזוי שפאטיש אויסצולאכען פון אונז יודישע סוחרים, און אנשטאט, וואס אונז קומט על פי רעכט, אין די אינטערעסען פון אונזער עקזיסטענץ, די ערשטע פלעצער צווישען די ראטמענער-קאנדידאטען אויף דער וואהל-ליסטע, האט מען אונז אריבערגעווארפען אויפן 7 טען און 8 טען ארט. ערטער אזעלכע, אויף וועלכע ס'איז גרויסער פראגע-צייכען, ווען זיי וועלען נאר זוכה זיין צו ציהען די ענטשפרעכענדע צאהל וואהל-שטימען?

מ'האט געווארפען גורל.—גוט, אבער מיט וועלכע רעכט האט מען א טייל געגעבען קאנצעסיעס און זיי געשטעלט מחוץ דעם גורל, בשעת אין זעלבען גורל האט מען אריינגעווארפען סוחרים, וועלכע זענען דאך די גרעסטע מעהרהייט פון דער יודישער בעפעלקערונג און וועלכע זענען מעהר פון די איבריגע פארטייען געצווינגען דורך זייערע מאטעריעלע גיטען און לעבענס פראגען צו געהן אין וואס א גרעסערע צאהל אין שטאדט-ראט, וואס האט א פך צוזאגען אין עקאנאמישען זין איבערן גורל פון די יודישע סוחרים? אויב געבען קאנצעסיעס, האבען עס מיט רעכט פערדיענט נישט קיין אנדערע נאר די סוחרים, וועלכע האבען אונבעדינגט בעדארפט צוגעהן אויף די ערשטע ערטער. בכלל צו וואס האט געצויגט דער גאנצער גורל. דאס איז גיכער א שפיעל פאר קינדער און נישט פאר דערוואקסענע מענשען, וואס נעמען אויף זיך פעראנטווארטליכע אויפגאבען, אין אזעלכע ערנסטע מאמענטען מוז מען זיך רעכענען מיט די, וועמענס לעבענס-אינטערעסען עס פאדערען צו זיין רעפרעזענטירט אין א געזיכערטע און גרעסערע צאהל ראטמענער אין שטאדט-ראט. דא איז קיין ארט נישט אויף פארטיי-אמביציעס און העגעמאנישע טענדענצען.

דער יודישער סוחר, קליינהענדלער, מארק-שטעהער און יאריד-פאהרער מאטערט זיך אין קאנוואלסיווע אנשטרענגונגען אויף אויסצוקעמפען דורך מיה און מאטערניש זיין חיונה. אויף איהם האנגעלט א מבול פון שטייערן און פאדאטקעס. זומער ווערט ער פערברענט פון די היצען, ווינטער ווערט ער אויסגעפרוירען פון די פרעסט און אז ס'קומט צו וואהלען פון א קאמונאלע און ווירטשאפטליכע אינסטיטוציע, ווי א שטאדט-ראט, הייסט מען איהם אנפערטרויען זיינע לעבענס-אינטערעסען בלינדערהייט אויף א גורל און פערלאזען זיך אויף די, וואס מיינען נאר א בענקעל און געהן אין שטאדט-ראט נאר צוליב קאריעריסטישע צוועקען.

לאמיר אוועקשטעלען אלע פשט'לעך און פלפולים אין א זייט. לאמיר אויף א ווײלע זיין ניכטער, געוויסענהאפט און אביעקטיוו עהרליך: ווער איז אין דער ווירקליכער ווירקליכקייט אזוי פעראינטערעסירט אין די וואהלען פון א שטאדט-ראט, צי די פארטיי, וואס איז נישט מעהר ווי אויסען נור כבוד און פרעסטיזש, צי דער יודישער פערחארעוואטער און פער'דאגה'טער סוחר, אויף וועמען דער שטאדט-ראט ליינט ארויף שטייערן? ווער נויטיגט זיך דעריבער באמת אין א געוואונשענער און צאהלרייכער רעפרעזענטאנץ אין שטאדט-ראט, צי די פארטיי, אדער א צבור פון יודישע סוחרים, ביי וועמען ס'איז כמעט א ברויט—פראגע און א לעבענס-עקזיסטענץ צו האבען פון זייער אייגענע רייהען א גענוגענדע צאהל מיטיגע און איבערגעגעבענע פערטיידיגער אין די שטייער-אינסטיטוציעס, כדי צו האבען מעגליכקייט אויפצוקלערען דעם

אמת און ריכטיגען עקאנאמישען מצב פון יודישען געדריקטען סוחר? וועלכעס איז נויטווענדיגער און ביליגער? דערפיהרען דערצו, אז סוחרים און קליינהענדלער זאלען ערשט געהן לויט א גורל און אבגערוקט ווערען אויף די לעצטע און צווייפעלהאפטע ערטער. דאס הייסט געשפיעלט א קאמעדיע. דאס הייסט שפאטיש אויסגעלאכט די בלוטיגסטע לעבענס-אינטערעסען פון גאנצען יודישען סוחרימ'טום אין ראדאם. מיר בעקעמפפען נישט דעם בלאק אלס א כח פון פעראיינהייטליכונג און פעראייניגונג, מיר זענען אויך נישט געגען קיינעם פון די פארטייען, נאר געגען דער אונדערהערטע האנדלונג פון די עטליכע חזקה יודען און יחסנים, וואס זילען זעהן די שטאדט אין דער ראל פון א מחנה שקלאפען, וואס זאלען זיך ביקען און קניהען צו זיי און פאטשען בראוואָ פאר זייערע „גרויסע" טהאטען.

ווען מיר יודישע סוחרים דערמאנען זיך, ווי אזוי מ'האט געגענאיבער אונז געהאנדעלט, בעהערשט אינז א אונבערגרעניצטע אויפרעגונג און א גרויל נעמט אונז דורך. אפילו מיט'ן האנדווערקער-קלוב האט מען געבראכט טאקטישער האנדלען. מ'האט זייערע פארשטעהער נישט געבראכט צושטיפען צו די וואנד. אויב ס'איז נישט געווען גענוג פארציעס צו פערטיילען די געסט, האט מען זיי נישט געבראכט באלד לכתחילה איינלאדען און דורך דיפלאמאטישע שפיצלעך זיי פון זיך אבשטויסען. אויב מען מיינט ווירקליך א פעראייניגונג פון כלל-ישראל, איז מען מותר אויף כבוד און למען השלום בויגט מען דעם שטאלצען „איך". מ'וויל אונז סוחרים איינרעדען, אז די ערשטע צוויי קאנדידאטען פון דער בלאק-ליסטע האבען געגעבען התחייבות-קוויטלעך באם די סוחרישע פארשטעהער וועלען נישט דורכגעהן זאלען זיי אבטרעטען זייערע מאנדאטען די סוחרים. דאס קאן נישט אמת זיין, ממה נפשך, איז מען געווען צוגעגרייט אויף אזא ברייטען זשעסט, האט מען דאך די סוחרישע פארשטעהער געקענט שטעלען אויף די ערשטע פלעצער און יענע ברייט הארציגע זאלען געהן אויף דעם 7-טען און 8-טען ארט, דארט וואו ס'פיגורירען די סוחרים, ענטוועדער אדער: וועט מען ציהען אזוי פיל שטימען איז דאך אודאי גוט און אלע וועלען געהן אין שטאדט-ראט, אלא ווידער נישט, האבען זיך דאך די ערשטע צוויי קאנדידאטען סיי ווי מתחייב געווען אבצוטרעטען זייערע פלעצער. צו וואס דאס התחייבות און פאר וואס האט מען טאקע אבגעשטופט די סוחרים אזוי ווייט?

די אלע קלאנגען זענען נישט מעהר ווי פוסטע רייד. אפשר וויל מען דאדורך איינשטילען דעם בערעכטיגטען פראטעסט פון די סוחרים. אבער מיר קאנען זיך דערויף און גלויבען דאס נישט. איינס וואס מיר גלויבען איז נור דאס, וואס די דאזיגע אונערהערטע האנדלונג וועט פאר'ן גאנצען יודישען סוחרימ'טום אין ראדאם זיין א גוטע לעקציע, וואס מיר וועלען גוט געדענקען אויף לאנגע, לאנגע צייטען. דאס טיעף בעליידיגען און איגנארירען אונזערע לעבענס-אינטערעסען, שטיצענדיג זיך פון איין זייט אויף אונז און שלאגען קאפיטאל אויפן חשבון פון די מאסען סוחרישע וועהלער, און פון דער צווייטער זייט דאס ווארפען זיך מיט אונז ווי מיט א מעסט-פילקע אויפ'ן ספארט-פעלד, אט דאס וועט בלייבען טיף איינגעקריצט אין אונזער זכרון...

רבי-געלד איז אויך עפיס ווערטה...

**א סוחר.**

# וואס הערט-זיך אין ראדאם.

## דער וואהל-פיבער ביי די יודישע פארטייען און ארגאניזאציעס.

היינטיגען דינסטאג איז פארגעקומען א רייה וואהל-מיטינגען אין פערשידענע פונקטען פון שטאדט. דער פעראייניגטער וואהל-בלאק פון ציוניסטען, מזרחי, אגודה און סוחרים האט אין זעלבען טאג אבגעהאלטען 4 מיטינגען אין די לאקאלען פון „עזרה", סוחרים-פעראיין, ציוניסטישער ארגאניזאציע און תלמוד-תורה. דער שטורמישסטער פון אלע איז אויסגעפאלען דער מיטינג פון „עזרה", וואו ס'זענען ארויסגעטרעטען די ה"ה: בערלינסקי, פרענקעל, לעשטש, וועלכע האבען אגיטירט פאר'ן בלאק. אויף דער רעדע פון בונדישען אפאנענט האט געענטפערט אויף זיין „ספעציעלען" שטייגער ה' לעשטש, וועלכער האט מבטל געמאכט אלע אנדערע פארטייען כעפרא דארעא. דער ענגער לאקאל פון „עזרה" האט נישט געקענט אריינעמען דעם גרויסען עולם וואס איז געקומען אויפ'ן מיטינג, און די פערזאמעלטע זענען געשטאנען אין גרעסטען געדראנג, בעגיסענדיג זיך מיט שוייס. צוליב דער גרויסער היץ און ענגשאפט.

איייל רעדנער זענען געשטערט געווארען פון שאפע צווישענרופען און אבסטרוקציעס, וואס זענען געפאלען מצד די פערזאמעלטע פון אנדערע פארטייען און ליסטעס.

דעם זעלבען טאג 5 אזייגער נ. מ. האבען די הויז-ווירטען איינגעארדענט א מיטינג אין „יבנה". אויפ'ן מיטינג איז ספעציעל געקומען דער בעקאנטער הויז-ווירט, ה' עמנואל לאנדוי פון ווארשא. די הויז-ווירטען, וועלכע געהען מיט א בעזונדערע ליסטע, האבען אויפן מיטינג ארומגערעדט פערשידענע ענינים און אויפגעקלערט די סבות, וואס האט זיי בעוואויגען צו געהן מיט א אייגענע ליסטע צו די וואהלען פון שטאדט-ראט. אלס איינע פון די הויפט סבות ווייזען די הויז-ווירטען אן אויף דעם, וואס דער געוו. שטאדט-ראט האט אויף זיי ארויפגעלעגט שטייערן פון די הייזער, אין א פיל גרעסערע מאס, ווי אין ווארשא און אין אנדערע שטעדט. ווי אויך דאס, וואס דער פריהערדיגער שט.-ראט האט אקצעפטירט די צו-שווערע בעדינגונגען פון קאנאליזאציע-אבמאך, וואס לעגט ארויף אויף דער שטאדט א שווערע לאסט פון שטייערן אויף 20 יאהר.

## וואהל-מיטינג אין הצנד.-קלוב.

אויפ'ן שבת'דיגען מיטינג פון די האנדווערקער איז געקומען א גרויסער עולם. איינעע רעדנער האבען זיך ארויסגעזאגט, אז דער קלוב איז איינגעגאנגען אויף אלע מעגליכסטע בעדינגונגען און געהאט א גוטען ווילען אריינצוטרעטען אין פעראייניגטען וואהל-בלאק, נאר אז די שעפער פון בלאק האבען געגצליך נישט בדעה געהאט צו פעראייניגען זיך מיט'ן האנדווערקער-קלוב, שטרעבענדיג צו מאכען שטימונג און ארויסרופען אינטערעס צו די וואהלען וואס איז מעגליך נאר דאן, ווען צוויי געגנערישע צדדים טרעטען ארויס אין קאמפף אויף דער געזעלשאפטליכע ארענע. ביי א פעראייניגונג און איינהייטליכקייט אויף דעם גאנצען פראנט, האבען די זעלבע רעדנער בעטאנט, וואלט דער אינטערעס צו די וואהלען געווען א שוואכער און נישט ארויסגערופען דעם אמביציעזען אימפעט, וואס שפיעלט בעזונדערס איינע פון די וויכטיגסטע ראליען ביי וואהלען. די רעדנער קומען דעריבער צום אויספיהר, אז אויף צו בעשאפען אט די וואהל-פיבערדיגע שטימונג איז געוואונשען געווען צו אינספירירען א צד שכנגד, כדי אויף דעם באדען צו דערהיצען די וואהל-טעמפעראטור. און אט דעם געגענערישען לאגער האט מען געוואלט זעהן אין די האנדווערקער. וועלכע זענען אבער גארנישט שולדיג, וואס זיי זענען אין בלאק נישט אריינגעלאזט געווארען.

• • •

היינטיגען שבת קומען פאר א גאנצע רייהע וואהל-מיטינגען פון בונד, פועלי ציון, האנדווערקער-קלוב, הויז-ווירטען דער פעראייניגטער בלאק האלט אן א מיטונג אין „קארסא" שבת-צו-נאכט 8 א זייגער.

## דער פעראייניגטער וואהל-בלאק געווארפען גורל.

צוליב דעם נישט קאנען דורכקומען ביים צוטיילען די מאנדאטען אויף דער ראטמענער ליסטע האט מען צווישען זיך געווארפען גורל, וועלכע האט געגעבען פאלגענדען רעזולטאט: אויפן ערשטען ארט אויף די וואהל-ליסטע געהט ה' פרענקעל. אויפ'ן צווייטען — ה' מוליער, 3) ה' אליעזר פינקעלשטיין (מזרחי) 4) ה' מ. ראטענבערג 5) ה' ל. מ. זיסערמאן (אגודה) 6) ה' שמואל קארמאן (אגודה) 7) ה' נתן זיגמאן (סוחרים פעראיין) 8) ה' ל. פרענקעל (סוח. פער.) 9) ה' א. זימלער.







# וועהלער!

לאזט אייך נישט אבנארען פון די אחדות—שרייער, וועלכע האבען בכונה ארויפגעשטעלט האנדווערקער—פערטרעטער אויף צו צוברעכען אינזער עהרליכער איינהייט.

## שטימט אלע ווי איינער נאר פאר דער אייז-און-איינציגער אויפריכטיגסטער וואהל-ליסטע נומער 6.

### גימנאזיום „פשיאטשול וויעדזי"
### בעקומען רעגירונג'ס-רעכט.

דאס בילדונג'ס-מיניסטעריום האט בעשטעטיגט צוגעבען רעגירונגס-רעכט די היגע יודישע גימנאזיע „פשיאטשול-וויעדזי".

### סיראטא אין ראדאם.

קומענדיגען שבת-צונאכט טרעט אויף אין ראדאם אויף א קאנצערט דער וואונדערבארער זינגער, און קעניג פון די חזנים ה' גרשון סיראטא, אויבער-קאנטאר פון די ווארשאווער סינאגאגע. ה' סיראטא קומט יעצט פון זיין ערפאלגרייכע רייזע אין אמעריקא און מאכט איצט א טורנעע איבער א גאנצע רייהע שטעדט. איהם בעגלייטען זיין טאכטער די בעריהמטע פאלק'ס זינגערין, העלענא סיראטא, גלענצענדער פיאניסט סטערלינג.

### פעראָרדנונג פון ראדאמער סטאראסטא

בכדי אבצוהיטען די ארדנונג און עפענטליכע רוה ווערט דורך דעם ה' סטאראסטא פערבאטען צו פערקויפען, אדער געבען אלקאהאל געטראנקען, וועלכע ענטהאלטען 2,5% אלקאהאל, אין ראדאם, ווי אויך אין גאנצען פאוויאט. די וואס וועלען עובר זיין אינטערליגען אדמיניסטראטיווע שטראף, לויט'ן ארטיקעל פון ציוויל-געזעץ, ביז 200 זל., אדער א חודש ארעסט. פאר עובר זיין מעהרערע מאהל דראהט א געלד-שטראף ביז 1000 זל., אדער ארעסט ביז 3 חדשים. אחוץ דעם קאן צוריקגעצויגען ווערען די קאנצעסיע אויף צו פערקויפען אלקאהאל-געטראנקען.

די דאזיגע פעראָרדנונג איז פערפליכטענד אויף די פאבאר צייט פון יאהרגאנג 1906, וואס הויבט זיך אן דעם 4-טען מאי ביז'ן 16-טען טשערוויעץ ה. י. איינשליסליך.

### זלאטע די רביצן אין ראדאם.

שבת דעם 7-טען און זונטאג דעם 8-טען מאי ה. י. פונקטליך 9 אווענד, ווערט געשפילט אין טעאטער „ראזמאיטאשטשי". די אקטועלע-סענסאציאנעלע פיעסע, דער גרעסטער שלאגער פון לעצטען סעזאן „זלאטע די רביצן", וואס איז געגאנגען א לענגערע צייט אין ווארשא. די טרופע בעשטעהט פון בעדייטענדע ארטיסטען אונטער דער רעזש. פון מ. גארבארזש. אין דער הויפטראָל און די ארטיסטין פעלא גארבארזש.

די זייער אינטערעסאנטע פארשטעלונגען האבען ארויסגערופען ביים ראדאמער טעאטער-גייער דעם גרעסטען אינטערעס.

### וויכטיג פאר סוחרים.

אין איינעם פון די פריהערדיגע נומערען האבען מיר מיטגעטיילט, אז די ווארשאווער פערלאג-פירמע „אינטערנאציאנאלע רעקלאמע געזעלשאפט ראדאלף מאססע" איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א אדרעסען בוך פון פוילען.

ווי מיר ווערען געוואויר, ווייל היינט אין אונזער שטאדט א פא"שטעהער פון די רעדאקציע, ה' א. דאגאשינסקי מיט'ן ציעל צו קאנטראלירען אויפן ארט די אדרעסען, וועלכע זענען אויפגעגעבען געווארען אין די ערשטע אויסגאבע אויך אויפצונעמען די אדרעסען פון די פרישע אויפגעקומענע פירמעס.

מיר זענען זיכער, אז די סוחרים'טים וועט דעם פארשטעהער צוהעלפען, אויפנעבענדיג איהם אלע נויטיגע אינפארמאציעס, ווייל דער דאזיגער אדרעסן-בוך איז א וועגווייזער פאר די סוחרים.

אלע אינפארמאציעס ערטיילט אדמיניסטראציע „ראדאמער-קעלצער לעבען".

צו דער פערלאבונג פון אונזער קוזינקע
**פייגע ווייסבארד**
מיט ה' **דוד הירשענפעלד**
ווינשען מיר פיל גליק און עוויגעס צופרידענהייט.
**ישראל בארען**
עט פרוי און טאכטער.

אנו משתתפים בצערו של אחינו
„השומר" **יוסף קורץ**
במות עליו
**אחותו**
בדמי ימיה.
בעבודה השומרית ימצא נחמים.
**הסתדרות השומר.**

**Kino CORSO w Radomiu.**
היינט און יעדן טאג וועט דעמאנסטרירט
דאס הערליכע בילד א. נ.
DZIEWCZĘ
z
KARUZELI

טעאטער **„ראזמאיטאשטשי"** ראדאם.
נאר צוויי גאסטשפילען פון די יודישע קאנצעסיאנירטע טעאטער-טרופע אין ווארשע. מיט'ן אנטייל די בעקאנטע כאראקטער ארטיסטן **פעלא גארבארזש**
שבת דעם 7-טען און זונטאג דעם 8 טען מאי, פונקט 9 אווענד
דער גרעסטער שלאגער און די לעצטע סענסאציע אין דעם סעזאן.
# זלאטע
# די רביצן
א טעאטער-שפיל אין 4 אקטען (7 בילדער) פון משה הלוי (מ. ג.) רעזשיסירט פון מ. גארבארזש.
בילעטען פון 80 גר. ביז 3 זל. צו בעקומען אין סקלאד-אפטעקשנא ביי ה' צימערמאן לובעלסקא 11.
געשעפטס-פירער ב. זילבערשטיין | סופלער א. לאקס.

**Teatr „Rozmaitości" w Radomiu**
א גרויסער רעליגעזער און פאלקס-לידער קאנצערט
דער וועלט-בעריהמטער אבער-קאנטאר פון דער ווארשאווער סינאגאגע
# גרשון סיראטא
מיט'ן אנטייל פון זיין טאכטער, די בעוואוסטע זינגערן
**העלענא סיראטא** ביים קלאוויר **איגנאצי סטערלינג**
א גלענצענדער רעפערטואר פון די הערליכסטע און נייעסטע פאלקס-לידער.

*Kino „ODEON" w Radomiu.*
Od dnia 5 maja 1927 r.
**KSIĄŻĘ i TANCERKA**
w rolach głównych ulubieńcy:
**Lucy Dorein i Willi Fritsch**





## די איינציגע ליסטע, וועלכע פערדינט דעם פולסטען צוטרוי פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג
### № 7. איז די ליסטע
## אלע ווי איינער שטימט און אגיטירט
## פאר דער ליסטע № 7.

# קעלצער אבטיילונג.

## ווטגען קאאפעראטיוועז ביי יודען

אין היינטיגען נומער וועלען די לעזער געפונען 2 בעריכטען איבער די אלגעמיינע פערזאמלונגען פון די 2 היגע יודישע קאאפעראטיווע קרעדיט-אינסטיטוציעס. הי ווי אין דעם ריב שטעט פון גאנץ פוילען איז פעסטגעשטעלט געווארען א גרויסער פארטשריט פון די אויבענדערמאהנטע אינסטיטוציעס. די קאאפעראטיווע בעוועגונג, וועלכע ווערט פון דעם רוב עקאנאמיסטען בעטראכט, אלס אלעזונג פון די פערשארפטע, אין היינטיגען מאדערנעם לעבען, סאציאלע און עקאנאמישע בעציהונגען ענטוויקעלט זיך געוואלטיג אויף די גאנצע וועלט. די יודישע בעפעלקערונג, וועלכע לעבט מעהרסטענס פון פארמיטלעריי האט ביז יעצט בעטראכט די קאאפעראציע, אלס איהר שונא. דאס לעבען געהט אבער פאראויס און קעגען איהרע אייזערנע געזעצען איז יעדער קאמפף אויסגעשלאסען. בעקעמפפען די קאאפעראציע וואלט געווען פונקט אזא נארישקייט, ווי ס'איז געווען מיט הונדערט יאהר צוריק דער קאמפף פ'ן די ענגלישע ארבייטער מיט די ערשטע דאמפמאשינען... ספעציעל האט זיך ביי יודען ענטוויקעלט די קאאפעראציע אויפ'ן געביעט פון קרעדיט, אפשר איז עס צוליעב דעם, וואס דוקא אויף דעם געביעט האט די אויפבליהונג פון די קאאפעראציע געשאדט נאר יחידים ד. ה. וואוכערניקעס. די קאאפעראציע אלס פאלקסבעוועגונג, כאר זיך אבער נישט רעכנען מיט די אינטערעסען פון יחידים. דער יודישער פאלקסמענש האט קיינמאהל נישט בעקומען קיין קרעדיט אין די ספעציעלע אינסטיטוציע, וועלכע זענען געשאפען געווארען פאר אנדערע און מיט דעם ציעל איהם צו בעקעמפפען. צו גרויס איז אבער די בעדייטונג פון די קאאפעראציע, אז די יודישע געזעלשאפט זאל זיך נישט מיט איהר געהעריג אינטערעסירען און מיר זעהען טאקי, אז לעצטענס הויבען זיך די מאסען וואס א מאהל מעהר אריענטירען עקאנאמיש און דאס איז די סבה, וואס די פאליטישע לאזונגען ווערען וואס א מאהל וועניגער פאפולער...

צו שטעהט אבער שוין די קרעדיט קאאפעראציע אויף די געהעריגע הויך? ליידער, מיר מוזען ענטפערן, אז נישט. שולדיג זענען דא אי די פיהרער, אי די מאסען. די ערשטע, ווייל יאגענדיג זיך נאך באנק-אפעראציעס אין גרויסען סטיל מאכען זיי פערשיעדענע טראנזאקציעס, וועלכע, פאדערנדיג א גרויסע אדמיניסטראציע, געבען זיי דאביי א מינימאלען ריוח (דהינו, אינקאסעס א. א.) צוליעב וואס מען מוז האלטען א גרויס פערסאנאל און דעקען די הוצאות דורך נעמען א טייערן פראצענט, וועלכען ס'בעצאהלט ס'רוב דער קליינער מענש, — און די צווייטע צוליעב זייער גלייכגילטיקייט, דורך וואס ס'ווערען צו די פערוואלטונגען צוגעלאזט מענשען וואס זענען נאר אויסען זיך...

די אלע פעהלערן וועלען אבער מיט די צייט בעזייטיגט ווערען און ס'איז כדאי פון זיי דערווייל א ביסעל צו ליידען צוליעב די גרויסע אידעע.

ס'איז אויך כדאי, אז אין קיעלץ זאל די קאאפעראטיווע אידעע מעהר פערשפרייט ווערען צווישען די מאסען און אפילו צווישען אונזער אינטעליגענץ.

ד. ר.

---

## גאולת-הארץ-רינג

ארגאניזירט דורך דער יודישער פרעסע, אונטערן פראטעקטאראט פון דעפוטאט י. גרינבוים.

א) ה' נחמיה קייזער ענטפערט דעם „ג-ה-ר" קאמיטעט מיט 15 זל. און רופט ארויס: יצחק קליינמאן, לעאן דייזמאן (קיעלץ), וו. ב. ווארשאווסקי (מיעכוב).

ב) ד"ר סערוועטניק ענטפערט דעם „ג-ה-ר" קאמיטעט מיט 1 דאלאר און רופט ארויס: ד"ר לעווענזאהן, ד"ר חאטינער, ד"ר גראוזאהם (קעלץ).

ג) ה' מאיר זלאטא ענטפערט דעם „ג-ה-ר" קאמיטעט מיט 2 דאלאר און רופט ארויס: ה' שמחה דיאמענט, שמריה מאכטינגער, אברהם פרידמאן, אייזיק פייקארז, אלימלך ענגלארד, מאניע סקורעצקא, משה קאהן, יודל ראטענבערג, שמואל מארקוביץ, משה קופפערבערג, יוסף רוזענבלום (חמיעלניק), נתן גורסק (בוסק), דוד ראזענשטאק (שטאשיך), ישראל הערש חמיעלניצקי (אפאטשנא), שלמה גערטלער (סטאבניץ), שמאי אונגער (אלקוש), בערנארד טראפפאנער (אלקוש).

ד) ה' אלתר באראנקיעוויץ ענטפערט דעם ה' ישראל שטאטווינער (ראדאם) מיט 2 זל. און רופט ארויס: מכאל ראפאפארט, אברהם גאטליב, אלימלך מינצבערג, אלקסנדר זאיאנטשקובסקי, דוד טאהמאן, שלמה רעמביעשעווסקי, אליעזר גאלדבערג (קיעלץ), מרדכי פינעס (ראדאם), שמואל מאנדעל (רובישאוו), יצחק שפילבערג (יענדזעיעוו).

---

## די גרויסע אקציע לטובת די יודישע מענער-גימנאזיע אין קעלץ.

מיט עטליכע וואכען צוריק האבען מיר געמאלדען, אז די פערוואלטונג פון די היגע מענער-גימנאזיע פלאנט אדורכצופיהרען א ברייטערע אקציע מיט'ן ציעל גלייכצושטעלען דעם בילאנס פון גימנאזיע בדזשעט און צו באזירען די שולע אויף א זיכערען מאטעריעלען באדען. איצט קענען מיר מעלדען, אז די פערוואלטונג איז שוין צוגעטרעטען צו די אקציע, אנהויבענדיג מיט א געלדזאמלונג אין א גרעסערען פערנעהם, וועגען וואס די פערוואלטונג האט פאראויס בעקאנט געמאכט דורך א הייסען אויפרוף, וועלכער איז פערגאנגענעם חול המועד פסח צוגעשיקט געווארען אין אלע יודישע הייזער אין די שטאדט.

דער אויפרוף פון די פערוואלטונג געשריבען אין א טאן פון הייס איבערגעבענע מענשען צו דער ארבייט פאר'ן קיום פון די גימנאזיע — האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אין די שטאדט און ס'איז צו האפען, אז די יודישע בעפעלקערונג וועט מיט די גאנצע אפפערוויליגקייט אקייגענקומען דער פערוואלטונג אין דער גרויסער זאך.

---

## דער 2-ער קאנצערט פון „הזמיר".

נאך אנ'הפסקה פון א גאנץ יאהר, האט דער היגער „הזמיר" נאך א מאהל זיך בעוויזען פאר דער עפענטליכקייט מיט זיין צווייטען קאנצערט.

עס איז צוליעב דעם אויך שווער אבצושאצען דעם פארשריט, וועלכען די אינסטיטוציע האט געמאכט אין משך פון דער צייט.

אלענפאלס האט מען געקענט פעסטשטעלען, דאס דער כאר מיט דעם ארקעסטער, וואס געפינען זיך אונטער דער לייטונג פון ה' ל. וויינער, איז שוין ארויס פון זיין דעביוטירענדע ראל און זייער אויספיהרען די נומערען, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען גאנץ שווערע — קומט פאר אויף א פרייען און פיין איינשטודירען אויפן.

איבערהויפט איז ווערט צו דערמאנען דאס אויפפיהרען דורכ'ן כאר מיט דער ארקעסטער מאניושקא'ס „אויפ'ן ים פאר'ן שטורם", אין וועלכען עס איז אריינגעלעגט געווארען דורכ'ן דיריגענט פיעל ארבייט און א דאנק דעם זעהר גיטען צוזאמענשטעל פון כאר איז די זאך ארויסגעקומען שען און איינדרוקספול.

זעהר גוט איז אויך ארויסגעקומען מענדעלזאהנ'ס „ס'זאלט דער טוי". פון די סאליסטען האט אמייסטען אויסגענומען פרל' פראשאווסקא, וועלכע צייכענט זיך אויס מיט א רייכען אויסגעשולטען שטימען מאטעריאל.

א גרויסען ערפאלג האבען אויך געהאט די ה"ה יאקובאוויטש און פיאסקאגורסקי מיט זייערע סאלא געזאנגען און דועטען, פאר וועלכע דאס פובליקום האט זיי בעשאנקען מיט לאנגדויערנדע אפלאדיסמענטען.

אין אלגעמיין האט זיך דער צווייטער קאנצערט זעהר איינגעגעבען. עס איז נור א שאד, וואס די קאנצערטען קומען נישט פאר אפטער.

די שולד פון דעם איז אפשר [illegible] נישט אויף דער זייט פון דער אינסטיטוציע, ווייל די בעדינגונגען, ביי וועלכע דער „הזמיר" ארבייט, זענען ווירקליך אויסערגעוועהנליכע. ביז יעצט איז איהר נאך נישט געלונגען צו שאפען זיך אן אייגענעם לאקאל, וועלכער איז פשוט אנ'עקזיסטענץ-פראגע.

דער „הזמיר" איז זעהר א נוצליכע ארגאניזאציע, וועגען וועלכע די קעלצער בעפעלקערונג האט שוין דאס צווייטע מאהל געהאט די געלעגענהייט זיך אין דעם איבערצייגען. עס איז אלזא די אויפגאבע פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג אין קעלץ די אינסטיטוציע אי מאראליש, אי (וואס איז נאך וויכטיגע אין יעצטיגען מאמענט) מאטעריעל צו שטיצען.

די קעלצער יודישער יוגענט דארף אויך ארויסווייזען א ביסעל מעהר פערשטענדניש פאר די אויפגאבען פון „הזמיר" און דאן וועט זיך בעשטימט איינגעבען צו שאפען און פערפעסטיגען א וויכטיגען קולטורעלען צענטער אין אונזער שטאדט.

צבי.

ווי מיר דערוויסען זיך, האָט די פערוואַלטונג בעקומען א ידיעה פון לאָדז, אז דער בעוואוסטער סענאטאָר ד"ר ברוידא קומט אויף זיכער, דעם 15 מאי ד"י, קיין קעלץ און וועט דאָ ווײלען צוויי טעג צוליב העכסט וויכטיגע שול-ענינים. דער בעזוך פון דעם שאפער און פאטראָן פון אלע יודיש-נאַציאָנאלע שולען אין פוילען, וועט געוויס צוגעבען א שטאַרקען אימפולס פאר דעם ערפאָלגרייכען גאַנג פון די אקציע לטובת די גימנאַזיע. מ'האָפט אויך אויף זיכער, אַז דער סענאטאָר וועט מיטברענגען א גוטע בשורה וועגען גינסטיגע רעזולטאט פון זיין השתדלנות לטובת מלוכה-רעכט פאַר די היגע גימנאַזיע.

## רעמאָנט אין טעאטער „פּאָלסקי".

צוליב'ן רעמאָנטירען דאָס טעאַטער „פּאָלסקי", וועלען דאָרט אַ לענגערע צייט קיין שום פאָרשטעלונגען נישט פאָרקומען.

## אַ סוחרים - מיטינג וועגען שטייערען-פראַגען.

די קעלצער סוחרים זענען דורך די שטיצונג'ס-קאָמיטעט ביי דער שטייער-אַמט דאָס יאהר שטאַרק באַ'עוולה'ט געוואָרען.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז זונטאַג פאָרגעקומען אַ פאָרלעזונג פון די פאָרשטעהער פון אלע בראַנזשעס. אונטערן פאָרזיצענדען פון סוחרים-פעראיין ה' לעווי. נאָך אַ לענגערע דיסקוסיע איז בעשלאָסען געוואָרען אויף זונטאָג דעם 8-טען ד. מ. צוזאַמענצורופען אַ סוחרים-מיטינג, וואָס זאָל זיין געווידמעט ספּעציעל די שטייערען-ענינים.

## 1-ער מאַי אין קעלץ.

זונטאג באַלד אין דערפריה האָבען זיך פאַר'ן לאָקאַל פון פּ. פּ. ס. אָנגעהויבען פערזאַמלען אַרבייטער וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען די דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז געגאַנגען ביז צום מאַרק. דאָרט זענען אויך אָנגעקומען פערשידענע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. צווישען אַנדערע האָט מען אויך צום ערשטען מאָהל געזעהען די יודישע פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען מיט טראַנספּאַראַנטען מיט פערשידענע אויפשריפטען אויך אין דער יודישער שפּראַך. נאָכדעם ווי עס זענען געהאַלטען געוואָרען עטליכע רעדעס האָט דער צוג נעריכט און דורך די שיענקעוויטש גאַס דעמאָנסטרירט ביז צום באַהן-הויף, וואו די דעמאָנסטראַציע איז אויפגעלעזט געוואָרען.

## די אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער סוחרים-באַנק אין קעלץ.

פאריגע וואָך איז אין לאָקאַל פון דער יודישער קהלה פאָרגעקומען די אַלגעמיינער פערזאַמלונג פון דער יודישער סוחרים-באַנק. געעפענט די פערזאַמלונג האט ה' רויזענקראַנץ און פאָרגעלעגט אלס פאָרזיצענדער ה' ד"ר פלעשלער, וועלכער לאַדענט איין אַלס אַסעסאָרען די ה"ה מ. ה. קאַמינער און מ. ראַוויצקי און אלס סעקרעטאַר ה' י. ערעלשטיין.

נאָכ'ן איבערליינען דעם פּראָטאָקאָל פון דער פאַריגער פערזאַמלונג דורכ'ן ה' צימבערקאָוויטש האט פּרז' לובלינער אָבגעגעבען אַ בעריכט איבער דער טעטיגקייט פאַר'ן פאַריגען יאָהר.

אין דער דיסקוסיע האט זיך אויך בעטייליגט דער פאַרשטעהער פון רעוויזיאָנס-פערבאַנד ה' מיכעלזאָהן.

די ערגענצונג'ס - וואַהלען האבען געגעבען פאָלגענדען רעזולטאַט: אין דער פערוואַלטונג: ה' י. מאַנעלא אין ראַט די ה"ה: ד"ר לעווינזאָהן מ. ראַוויצקי און מ. מ. וואַלדען.

## די אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער פאָלקס-באַנק אין קעלץ.

די יעהר'ליכע אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער פאָלקס באַנק, וועלכע איז פאָרגעקומען אין „פּאָלאָס" איז געעפענט געוואָרען דורך דעם ה' גאָלדשיידער, וועלכער האט געשילדערט די ענטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג און ערקלערט די אויפגאַבען פון דער יעצטיגער אַלגעמיינער פערזאַמלונג.

נאָכדעם ווי אַלס פאַרזיצער ווערט געוועהלט ה' מ. קויפמאַן, וועלכער לאַדענט איין אַלס אַססעסאָרען די ה"ה טויבמאַן און סטראָזשינסקי גיט אָב אַ בעריכט איבער דער טעטיגקייט דער דירעקטאָר י. מ. דרייזמאַן. אין בעריכט ווערט אָנגעוויזען אויפן גרויסען פאָרטשריט וואס די באַנק האט געמאַכט אונטער דער נייער לייטונג און די אַלגעמיינע סומע פון די געלד-אָפּעראַציעס וואס טרעפען אָן פאַרן פאַרגאַנגענעם יאָהר 2.534 153 זל.

עס איז אויך פאָרגעלעזען געוואָרען אַ פּראָטעסט פון אַ גאַנצע רייהע פּוח-ים צוליב דעם צוזאַמענרופען די פערזאַמלונג אויף 11 פריה. ווען די פּוח-רים זענען פאַרנומען און קענען זיך אין דער פערזאַמלונג נישט בעטייליגען.

אַלס צייכען פון פּראָטעסט האָבען די אַנוועזענדע סוחרים פערלאָזט די פערזאַמלונג.

נאָך דער דיסקוסיע, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט אַ גרעסערע צאָהל מיטגלידער, האָט גענומען דאָס וואָרט דער רעלענאַט פון רעוויזיאָנס-פערבאַנד ה' מיכעלזאָהן, וועלכער האט אין אַ לענגערען רעפעראַט פערטיידיגט די שטעלונג און טאַקטיק פון דער פערוואַלטונג.

נאָכן בעשטעטיגען דעם בודזשעט אויפן יאָהר 1927 זענען פאָרגעקומען ערגענצונגס-וואַהלען.

אין די פערוואַלטונג זענען צוגעוועהלט געוואָרען ה"ה: י. קאַרמאַן און ח. פּאַרעל און אַלס פערטרעטער ה' גרינגלאַס. אין אויפזוכטס-ראַט: ח. קאַפּלעוויטש, מ. ווייסמאַן, י. בער און מ. מיצענמאַכער און אלס פערטרעטער ה"ה שטיינהאָרן, העסער און זאַיאָנטשקאָווסקי. מיט דעם איז די פערזאַמלונג געשלאָסען געוואָרען.

## דער 3-ער מאַי אין קעלץ.

באַלד אין דער פריה האָבען איבער דער שטאָדט מאַרשירט פערשידענע דעלעגאַציעס מיט ווייערע אָרקעסטרעס אין דער שפּיץ. אַרום 10 אַ זייגער נאָך דער גאָטעס-דינסט אין דער קאַטעדראַ האָבען אויפ'ן פּלאַץ פּ. מאַריאַ גערעדט די סיים-דעפּוטאַטען דאָבזשאַנסקי און פּאַבאַטינסקי.

האַלב 2 איז פאָרגעקומען אַ דעפילאַדע פון גאַנצען היגען מיליטערישען גאַרניזאָן, ווי אויך פון די ספּאָרט-אָרגאַניזאַציעס און די שולען. עטליכע פאָרשטעהער פון דער היגער מיליטערישער און פּאָליציי-מאַכט האָבען אויך געקריגען אויסצייכענונגען, וועלכע זיי האָבען בעקומען פון וואָיעוואָדע ה' מאָנטויפעל.

2 אַ זייגער איז פאָרגעקומען אַ שטאָדט-לויף אויף אַ מהלך פון 3 קילאָמעטער. דעם ערשטען פּריז האָט בעקומען אַ מיליטערמאַן פון דער חינער אַרטילעריע, וועלכער האָט געמאַכט די 2 ק. אין 7 מינוט.

2 נאָך מיטאָג איז פאָרגעקומען אין „פּאָלאָס" אַן אַקאַדעמיע.

* * *

אין דער שוהל איז אויך פאָרגעקומען אַ פייערליכע גאָטעס-דינסט. אין וועלכע עס האָבען זיך בעטייליגט פאָרשטעהער פון דער מאַכט. דער חזן האָט געזונגען מיט'ן כאָר עטליכע קאַפּיטלעך תהילים. נאָכהער האָבען גערעדט מענינא-דיומא דער היגער רב ראַפּאַפּאָרט און אַ לעהרער פון גימנאַזיום ה' גרויבאַרד (פּויליש). נאָך די רעדעס האָט דער חזן מיט'ן כאָר געזונגען דעם פּוילישען המנון און התקוה.

## די פּסח - אַקציע פון „תומכי עניים".

אַזוי ווי יעדעס יאָהר, האָט אויך דאָס היינטיגע יאָהר, די געזעלשאַפט „תומכי-עניים" אַדורכגעפיהרט אַ גרויסע שפּייזע אַקציע פאַר דער אָרימער יודישער בעפעלקערונג אין אונזער שטאָדט. דער „תומכי עניים" האָט פערטיילט אַנ'ערך פון 155 פוד מצות צום פּרייז פון 12 זל. אַ פוד, עטליכע צעהנדליגער פוד בחנם, 100 פעקלעך צוקער בחנם א. או. וו.

אין דער אַקציע האָבען זיך בעטייליגט אַלע פערוואַלטונגס-מיטגלידער. נאָר גאַנץ בעזונדער האָט זיך מיט זיין ענערגישער אַרבייט אויסגעצייכענט דער פּרעזעס ה' י. קאַהן, דאַב"ר אַ. האַרבערג, פּנחס פינקלער, יוסף מאַראַנקי, יוסף ענאַך און סעקרעטאַר יעקב שיטער. צוליב די פּסח-אַקציע געפינט זיך דער „תומכי-עניים" אין אַ גרויסען דעפיציט. ס'וואָלט זעהר כדאַי געווען, אַז די קיעלצער יודישער בעפעלקערונג זאָל אָבשאַצען די פאַרדינסטפולע אַרבייט פון די פערוואַלטונגס-מיטגלידער און שטיצען די אינסטיטוציע.

## דער רעפעראַט פון ה' גרויבאַרד.

פאָריגען שבת איז אין לאָקאַל פון דער יודישער קהלה פאָרגעקומען אַ פאָרלעזונג פון ה' גרויבאַרד, (פּראָפ. פון יודישען מענער גימנאַזיום) א. ד. ט. „דאָס לעבען און שאַפען פון שפּינאָזאַ". די פאָרלעזונג האָט געהאַט גרויס ערפאָלג.

## מעלדונג פון דער רעדאַקציע.

מיר מעלדען דאָס פון היינט אָן האָט ה' ח. זיפלאַני אויפגעהערט צו זיין אונזער מיטאַרבייטער און האָט שוין מעהר קיין שום שייכות מיט אונזער צייטונג.

דאָס רעדאַקציאָנס - קאָלעגיום אין קעלץ בעשטעהט פון די ה"ה: ד. ראָזענבערג, צבי מאָשקאָוויטש, מ. רובינשטיין און א. סערוועטניק.

וועגען אַלע רעדאַקציאָנעלע און אַדמיניסטראַציע ענינים צו ווענדען זיך צום ה' מ. רובינשטיין קעלץ, פּאָסט-קעסטיל 35.

די רעדאַקציע.



# 6 פעראייניגטער וואהל-קאמיטעט 6

## פון האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארן

## אין ראדאם וואעל 59 №

אין א שווערע עקאנאמישע צייט קומען פאר די וואהלען צום שטאדט-ראט. די ברייטע האנדווערקער, קליינהענדלער, און לאקאטארן מאסען געפונען זיך אין גרויסע נויט און ארימקייט. אונזער עקזיסטענץ איז בעדראהט. מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט מוזען זיך דעריבער די ברייטסטע האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארן מאסען בעציהען צו די שטאדט-ראט וואהלען, וועלכע קומען פאר דעם 8-טען מאי ה. י.

דער שטאדט-ראט איז אן'אנשטאלט, וואו עס ווערען ענטשיעדען זייער פיל פראגען פון אונזער טאג-טעגליכען לעבען. דער שטאדט-ראט האלט אויס א גאנצע רייהע אנטערנעמונגען, וואס דארפען בעזארגען די בעדערפענישען פון דער בעפעלקערונג. ער קאן זייער פיעל אויפטוהן צו פערקלענערען די נויט און יקרות, דער שטאדט-ראט האט א השפעה אויף דער פאלקס-בילדונג און דעם שול-וועזען. ער דארף זארגען פאר'ן געזונד פון דער גאנצער בעפעלקערונג. גלייכצייטיג איז דער שטאדט-ראט א טריבונע, פון וועלכער אונזערע פארשטעהער וועלן קאנען פערטיידיגן אונזערע לעבענס-אינטערעסען, ווי אויך פראטעסטירען געגען די עולות, וואס ווערן בעגאנגען לגבי די האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען מאסען. עס טאר דעריבער פאר אייך נישט זיין גלייכגילטיג ווער עס וועט רעדען אין אייער נאמען אינם שטאדט-ראט. צי קאנט איהר אנגעטרויען אייערע אינטערעסען די הויז-אייגענטימער, וועלכע ווילען אייך ארויסוואַרפען אויפ'ן גאס?

**דער פעראייניגטער האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען וואהל-קאמיטעט** ווענדעט זיך צו אלע האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען, צו אלע, וואס לעבען פון זייער הארעוואניע, **אז זיי זאלען אונז צוהעלפען פערטיידיגען די גערעכטע פאדערונגען פון די ארימע פאלקס-מאסען און זארגען דערפאר, אז דער שטאדט—ראט זאל ווערען א שטיץ—פונקט פאר אונזערע פארשטעהער אין זייער קאמפף פאר א לייכטעס לעבען.** דער פעראייניגטער האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען וואהל-קאמיטעט שטעלט ארויס פאלגענדע פאדערונגען:

1) די שטאדט פערוואלטונג דארף בעקעמפפען דעם יקרות דורך צושטעלען אלערליי ביליגע שפייז און בעהייצונג'ס-ארטיקלען.

2) דארף בויען הייזער און צושטעלען ביליגע דירות פאר ארימע האנדווערקער און קליינהענדלער און פאר בעדראהטע לאקאטארען.

3) דארף אויפבויען שפיטאלען, סאנאטאריומס, קינפעטארענס-היימען און זיכערען פאר די ארימע אומזיסטע מעדיצינישע הילף.

4) דארף אפשאפען די שטייערען אויף די פראדוקטען פון ערשטען געברויך, פערקלענערען פון שטייערען די האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען.

5) דארף זארגען דערפאר, אז אלע קינדער אין שול-עלטער זאלען האבען א אומזיסטע שול מיט יודיש אלס אונטעריכט שפראך.

6) אויסקעמפפען, אז צו שטאדטישע אונטערנעמונגען זאלען אויך דערלאזט ווערען האנדווערקער און קליינהענדלער.

האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען די פאדערונגען מוזט איהר אונז העלפען פערווירקליכען!

## ארגאניזירט אייך, אגיטירט און שטימט פאר די פעראייניגטע ליסטע פון האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטאר. פאר'ן נומער 6!

האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען לאזט אייך נישט פארפיהרען דורך די אלטע און אומגעבעטענע בעלי טובות, וועלכע בענקען נאך יענע צייטען, ווען זיי האבען געדיטען אויפ'ן קארק פון די האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען.

**האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען** לאזט אייך נישט פערפיהרען פון די אלע פאליטישע פארטייען ווי פון בונד און פועלי ציון, וועלכע וועלען קומען צו אייך מיט זייערע שיינע פראזען, ווי אויך מיט זייער דעמאגאגיע און בלאף!!

**מיר האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטארען דארפען נור זיין פעראינטערעסירט אדורכצופיהרען, וואס מעהר אונזערע פארשטעהער אין שטאדט ראט און דעריבער ליגט אויף אייך א חוב צו זיין אויף דער וואך דעם 8-טען מאי א גאנצען טאג**

און אגיטירען פאר דעם **נומער 6!**

## לייגט איין די וואהל-קוּווערטן נור נומ. 6!

# 6 זאל לעבען נומער 6

## וואהל-קאמיטעט

### ביים האנדווערקער-קלוב אין ראדאם,

**וועלכער רעפרעזענטירט פאלגענדע פאכען און בראנזשעס:**

שניידער, מענער-שניידער, דאמען-שניידער, שניידערינס, נייטארינס, שיסטער, אבוווניקעס, בעקערס, קצבים, סטאליארס, בליאכערס, עלעקטרא-טעכניקער, מאשענזשניקעס, מעכאניקער, קאמאשענמאכערס, מאדיסטקעס, זייגערמאכער, גאלדשמידען, פריזירערס, קירזשנערס, איינבינדער, פודלע-מאכערס, היטעל-מאכערס, מאליאזשעס, רימאזשעס, שטריק-מאכער, טאנדייטערס, גלעזער, קאוואלעס און בעלי עגלות. א. ז. וו. א. ז. וו.

Redaktor i Wydawca Ch. M. Herc — Odbito we własnej drukarni Radom Szwarlikowska № 20

# 7 אויפרוף 7
# צו דער ראדאמער יודישער בעפעלקערונג!

ווי אייך איז שוין גענוג בעוואוסט, איז דער ראדאמער שטאדט-ראט פאנאנדערגעלאזט געווארן דורכ'ן מיניסטעריום מיט'ן מאטיוו, אז די שטאדטישע ווירטשאפט איז נישט גוט געפיהרט געווארן, ד. ה. אז דער פריהערדיגער ראטמענער—צוזאמענשטעל איז נישט געשטאנען אויף דער געהעריגער מדרגה אלס די פאקטישע פיהרער פון דער שטאדטישער ווירטשאפט.

דאס אלעס איז א טרויריגער אמת, אלס די בעסטע אילוסטראציע און [illegible]לט'סטער בעוויז קאן דיענען דער לעבעדיגער און שרייענדיגער פאקט, וואס דער פריהערדיגער שטאדט-ראט האט אקצעפטירט דעם קאנאליזאציע אבמאך, נישט קוקענדיג אויף די אונגעהויערע שווערע בעדינגונגען, וועלכע ווארפען ארויף א אונצערטרעגליכען באלאסט פון שטייערן אויף אלע בירגער און איינוואהנער, אהן אונטערשיעד פון סוחר, הויזווירט, האנדווערקער, קליינהענדלער און לאקאטאר, וועלכע וועלען אין משך פון גאנצע 20 יאהר מוזען טראגען דעם שווערען עול כדי צו דעקען די ריעזיגע קאלאסאלע אויסגאבען. די שטאדט וועט אין פערלויף פון גאנצע 20 יאהר מוזען צאהלען יעהרליך צו אייניגע מיליאן זלאטעס, א סומע וואס אלע איינקונפטען פון הייזער, געשעפטען, און ווארשטאטען וועלען נישט זיין ביכולת צו דעקען. דאס איז ערשט פאר בלויז קאנאליזאציע. היינט וואו זענען אלע אנדערע פאדאטקעס און שטייערן??

**נעמענדיג דאס אלעס ערנסט אין בעטראכט, האבען מיר יודישע הויזווירטען געזעהען זיך געצווינגען צו האבען ענטשפרעכענדע פערטרעטער און פארשטעהער אין קומענדיגען שטאדט-ראט. מיר האבען צו דעם ציועק אויסגעשטרעקט אונזערע ארעמס צו א קאנסאלידאציע מיט'ן פעראייניגטען יודישען וואהל-בלאק, וועלכער האט אבער נישט געוואלט אנערקענען אונזערע גערעכטע טענות און אויסגעלאכט אונזערע בעגרינדעטע פאדערונגען.**

כמעט אין דער זעלבער לאגע האט דער בלאק אריינגעשטופט די סוחרים, מ'האט געווארפען גורלו צי איז אבער ביי אזא וויכטיגע און פעראנטווארטליכע פראגע, ווי שיקען פארשטעהער אין שטאדט-ראט צו פערטיידיגען די עקאנאמישע אינטערעסען, — דערלאזבאר אין אזא פאל צופערלאזען זיך אויף א בלינדען צופאל? און וואס איז געזען דער סוף? מ'האט זיי געשטעלט אויף די סאמע ריזיקאלישסטע ערטער, וואו ס'דראהט זיי אינגאנצען נישט צו האבען קיין פארשטעהער אין שטאדט-ראט! אט אויף אזא געפעהרליכען וועג האט מ'אונז, יודישע הויזווירטען, געוואלט ארויפפיהרען.

אין אזא פאל האבען מיר פעסט בעשלאסען צו געהען זעלבסשטענדיג צו די שטאדט-ראט-וואהלען מיט א **אייגענע ליסטע № 7** אנערקענענדיג, אז דערמיט, וואס אין פריהערדיגען שטאדט-ראט האבען מיר נישט געהאט קיין פאכמענישע און דערוואקסענע פארשטעהער, וועלכע האבען א ראפינירטען און פולשטענדיגען בעגריף וועגען ווירטשאפטליכע אנגעלעגענהייטען איז מעגליך געוועזען דער פאל פון אננעמען דעם קאנאליזאציע-אבמאך מיט אזעלכע שווערע בעדינגונגען ביי די היינטיגע אויסערגעוועהנליכע קריטישע צייטען. מיר זענען זיכער, אז ווען מיר וואלטען געהאט א פערטרעטער אין פריהערדיגען שטאדט-ראט וועלכער וואלט געקענט סטאטיסטיש מיט ציפערען, און דער עיקר מיט א שטארקען ווילען און פעראנטווארטליכקייט, בעווייזען, אז די קאלאסאלע בעדינגונגען זענען פשוט קאטאסטראפאל און ניט אננעמבאר פאר די גאנצע בעפעלקערונג מיט אלע איהרע בירגער און איינוואהנער וואלט אזא שווערער דריקענדער באלאסט נישט ארויפגעווארפן געווארן אויף דער שטאדט.

דא איז נישט געווארפען געווארען סתם אזוי קיין אגיטאציע-ארגומענטען נאר דאס זענען פאקטען, לעבעדיגע. ווען איהר ווערט דערהאלטען די „נאקאזען פלאטניטשעס" אויף צו בעצאהלען שטייערן פאר דער קאנאליזאציע, וועט איהר זיך דערין טיעף איבערצייגען.

**וועהלער! לאזט אייך נישט בעאיינפלוסען פון די אגיטאטארען פון אנדערע ליסטעס, וועלכע ווילען אייך איינרעדען, אז די הויז—ווירטען ווילען געהען אין שטאדט—ראט, כדי צו שאדענען די אינטערעסען פון די לאקאטארען! דאס איז שקר, בייזוויליגע בלבולים און הוילער בלאף.** דאס איז די ארבייט פון די יעניגע געוועזענע יודישע ראטמענער, וועלכע קאנען יעצט נישט קומען צום וועהלער בשעת די שטאדט-ראט-וואהלען און בעווייזען זייערע אויפגעטהוענע ממשות'דיגע מעשים, וויסענדיג גוט ביי זיך, אז זיי האבען נישט געהאט דעם געהעריגען מוט און די מינדעסטע פערשטענדניש ארויסצוטרעטען מיט א פראטעסט אין שטאדט-ראט אום אויפצוקלערען, אז די אנגענומענע קאנאליזאציע-בעדינגונגען זענען א שווערע משא פאר די בירגער, צווישען וועלכע ס'געפינט זיך א גרויסער בעדייטענדער טייל יודישע איינוואהנער, וואס וועלען מוזען מיט-טראגען דעם שווערען לאסט פון שטייערן. יעצט ווילען זיי ארויפנעהמען פון זיך די פעראנטווארטליכקייט און פערשרייען דעם וועהלער מיט פערשידענע פאלשע ארגומענטען, בשעת ווען אלע ווייסען דורכאויס, אז דער שטאדט-ראט האט נישט אין זיין קאמפעטענץ צו נארמירען די דירה-געלד-פראגען צווישען הויזווירט און לאקאטאר.

די יעניגע יודישע ראטמענער קאנען און טארען נישט מעהר ווידער געוועהלט ווערען, ווייל זיי זענען שוין מעהר נישט בכח אויסצובעסערען זייערע שהאטען, אין דער צייט, ווען זיי אליין האבען עס בעשטעטיגט און געגעבען זייער הסכמה.

מיר יודישע הויז-ווירטען געהען אין שטאדט-ראט מיט דער לאזונג: 1) אז דער שטאדט-ראט אלס ווירטשאפטליכע אינסטיטוציע מוז זארגען פאר דעם גוטס און בעקוועמליכקייט פון דער בעפעלקערונג אהן אונטערשיעד פון קלאס און שטאנד, אבער גלייכצייטיג ביי אלע ווירטשאפטליכע רעפארמען, געדענקען און צו נעמען אין בעטראכט די פאקטישע מאטעריעלע און עקאנאמישע מעגליכקייטען פון שטאדט, 2) אז אנשטאט א גאזאווניע—בויען נייע הייזער צו לינדערן דעם דירות-מאנגעל, 3) צו ערמעגליכען צו רעמאנטירען אלע הייזער פאר דער בעקוועמליכקייט פון די איינוואהנער, 4) פאדערען, אז די יודישע אינטערעסען פון די בעפעלקערונג זאל פראצענטועל לויט איהרע שטייערן גענוסען צוגלייך מיט אלע איינוואהנער, רעכט, הנחות און סובסידיעס פאר אלע ווירטשאפטליכע, קולטורעלע און פילאנטראפישע בעדערפנישען, 5) אז ביים בעשטייערן דעם יודישען סוחר, הויזווירט, האנדווערקער און קליינהענדלער מוז גענומען ווערען אין אכט זיין אמת'ער און ריכטיגער מאטעריעלער צושטאנד.

**וועהלער!** דעם זונטאג, דעם 8-טען מאי, אין טאג פון די וואהלען צום שטאדט-ראט, קומט צו דער וואהל-אורנע און שטימט נור פאר דער

## ליסטע № 7

אויף וועלכע ס'פיגורירען מענשען אויפריכטיגע אין פעראנטווארטליכע וועלכע זענען נישט אייסען אויף צו [illegible]ראבערען מאנדאטען, נאר האבען אין זיך מוטה, ווילען און ענערגיע צו פערטיידיגען די אלגעמיינע יודישע אינטערעסען. **דעריבער אלע ווי איינער**

## שטימט און אגיטירט פאר דער ליסטע № 7.

# וואהל-קאמיטעט
## פון יודישע הויז-ווירטען אין ראדאם.

Redaktor i Wydawca Ch. M. Herc

Odbito we własnej drukarni Radom Szwarlikowska № 20